פערלאַג „די וועלט".

# די
# פרייע האַרפע

## א זאמעלבוך פון ליעדער.




„פערלאגס-דרוקעריי", ווארשא, פאנסקא 20.

תרס"ז.


---

Ди фрайэ Гарфе, т. е. Свободная арфа.

*Сборникъ пѣсенъ и стихотвореній.*


„Издательская Типографія", Варшава, Панская № 20.

1907.



## די דרייא שוועסטער.

אין ענגלאנד איז דא א שטאָדט לעסטער,
אין לאָנדאָן איז דאָ אַזאַ סקוועער,
אין סקוועער שטעהען טעגליך דריי שוועסטער,
די שוועסטער — זיי קען וועך ניט וועך.

די יונגסטע פערקויפט דאָרטען בלומען,
די מיטעלסטע — בענדלעך פון שיך,
און שפעט ביי דער נאַכט זעהט מען קומען
די עלטסטע, וואָס האַנדעלט מיט זיך.

די אינגערע שוועסטער בעטראַכטען
די עלטערע שוועסטער אָהן האַס,
דען אַלע דריי שוועסטער פעראַכטען
די „רוישענדע" שטאָדט און די גאַס...

דאָך שפעט ביי דער נאַכט, ווען זיי קומען
צום נעסט, וואָס זיי רופען „א היים",
בענעצען זיי בענדלעך און בלומען
מיט טרערען, וואָס פליעסען געהיים...



# עס ריהרט זיך!

הערט איהר, קינדער, ווי עס ריהרט זיך,
ווי עס ריהרט זיך איבעראל?
ווי דער ארבייטסמאן מושטירט זיך
צו דעם קאמפף מיט קאפיטאל, —
צו דעם טוידט־קאמפף מיט'ן שינדער,
דעם האבון, דעם געלד־טיראן?
הערט איהר, ווי ער ריהרט זיך, קינדער,
דער בערויבטער ארבייטס־מאן?

הערט איהר, קינדער, ווי ער ריהרט זיך,
מערקט איהר, אז דער סוף קומט אן?
פארוועטס, קינדער, עס מארשירט זיך
לוסטיג ביי דער רויטער פאהן!
פרייהייט איז דער הערצער־צינדער,
אהן טרומייט און באראבאן,
זיינע ברידער, זעהט איהר, קינדער,
געהט בעפריי'ן דער ארבייטסמאן.

זעהט איהר, קינדער, ווי עס וואַרפט זיך,
ציטערנדיג די גאלדען' קאלב?
דען זי הערט שוין, ווי עס שארפט זיך
אונזער חלף איהרענטהאלב?
איהר, די קאלב, די געצען־רינדער
און די טומאה פון כנען
וויל ער איצטער, ליעבע קינדער,
אויסראטען — דער ארבייטסמאן!

דען ער בוקט זיך ניט פאַר געצען,
קניעט פאַר אָבגעטער ניט מעהר,
וויל זיך מעהר ניט לאָזען העצען,
צו געברויכען זיין געוועהר
פאַר דעם געץ פון זיינע שינדער
געגען יעדען פריהייטס־מאַן;
אָ, ער קומט צום שכל, קינדער,
איבעראַל דער אַרבייטסמאַן!

איבעראַל פון ביידע זייטען
פון אַנטלאַנטיק ריהרט ער זיך!
ער וויל מעהר ניט לאָזען רייטען
זיינע בלוטזויגער אויף זיך.
ער וויל מעהר ניט, ווי אַ בלינדער
פערד, ביי זיי געהן אין געשפאַן,
ער וויל פריי זיין, ליעבע קינדער,
זאָט זיין וויל דער אַרבייטסמאַן!

קינדער, לאַנג געגוג גענאָסען
האָט דער רייכער אַלעס גוטס,
בלוט גענוג האָט ער פערגאָסען, —
אייער בלוט צוליעב זיין נוץ.
קינדער, מאַרש! צום קאַמפף געשווינדער!
טראָגט די רויטע פאָהן פאָראַן,
איהר זייט זיינע ברידער, קינדער,
און ער רופט, דער אַרבייטס־מאַן.

זעהט איהר, קינדער, ער וויל מאַכען
פון די שקלאַפעריי אַיין ענד,
וויל געניסען אַל די זאַכען,
וואָס עס מאַכען זיינע הענד.
קינדער, ער איז אַנ׳ערפינדער,

ער האט אויסגעטראכט א פלאן,
ווי צו לעבען גליקליך, קינדער,
ער — דער פראסטער ארבייטסמאן.



## דער פרייהייטס־גייסט.

אין די גאסען, צו די מאסען
פון בעדריקטע פעלקער־ראסען,
רופט דער פרייהייטס־גייסט:
„איך ברייננ וואפען — פאר דעם שלאפען,
איך בעפריי די ארבייטס־שקלאפען
און איך מאך זיי דרייסט.

ליכט פערשפרייטען — רעכט פערברייטען,
קום איך און צובראך די קייטען
פון די טיראניי,
די נאציאנען — פון קאנאנען,
פון ארמעען און פון שפיאנען
קום איך מאכען פריי.

איך קום לעהרען — ארבייט עהרען,
עהרען, אכטען און בעגעהרען
ארבייט מיט א טאלק;
גליק און פריעדען, — אונגעשיעדען
צווישען הייידען, קריסטען, אידען,
צווישען פאלק און פאלק.

„פרייד און שטרעבען — קום איך געבען,
לעבענס־לוסט און לוסט אין לעבען
אלעמען צוגלייך;

מענשען־קינדער — זאָל ווי רינדער
ניט מעהר אומברייִנגען אַ גרינדער
פון אַ מערדער־רייך.

„איך קום פרויען — אַנפערטרויען
יעדעם רעכט צו העלפען בויען
גלייכהייט׳ס גרויסען טראָהן;
גיב זיי רעכטע — אין די עכטע
ברידערליכע און גערעכטע
אָרגאַניזאַציאָן.

„איך קום מעלדען — יענע העלדען,
וועלכע שמאַכטען אין די קעלטען
פון סיביר אַצונד,
אַז צוטראָגען — וועט אָסטראָגען
באַלד מיין שטורעם, — באַלד וועט שלאָגען
די בעפרייאונגס שטונד״.



## די צוקונפט.

אָה, די וועלט וועט ווערען איינגער,
און דאָס לעבען לייכטער, גרינגער,
יעדער קלאָגער וועט אַ זינגער
ווערען, ברידער, באַלד;

לאָז דאָס פאָלק נאָר ווערען קליגער
און פעריאָגען דעם בעטריגער,
אידם, דעם פוקס, און אויך דעם טיגער
פון זיין שענעם וואַלד.

אָה, די װעלט װעט װערען שענער,
ליעבּע גרעסער, שנאָה — קלענער,
צװישען פרויען, צװישען מענער,
צװישען לאַנד און לאַנד;

לאָז די גלײַכהײַט נאָר בּעזיגען
האַבּזוכט, שװסטערײַ און ליגען,
לאָז דער מענש נאָר ענדליך קריגען
מענשליכען פערשטאַנד.

אָה, די װעלט װעט װערען פרײַער,
פרײַער, שענער, אינגער, נײַער,
און אין איהר די װארהײַט טײַער,
טײַער, װי אַ פרײַנד;

לאָז דער טהוער זיך נאָר שטעלען
מוטהיג געגען די, װאָס קװעלען
זײַנע בּרידער און געזעלען, —
מוטהיג געגען פײַנד!

אָה, די װעלט װעט װערען דרײסטער
און עס װעט ניט זײַן אַ מײַסטער,
ניט די קרוין און ניט דער טײַסטער,
ניט דעם זעלנער'ס שװערד;

לאָז דאָס פאָלק זיך נאָר ניט בּאַנגען
פריש אַ הויב זיך צו דערלאַנגען,
און זיך נעהמען, — ניט פערלאַנגען —
רעכטע אויף דער ערד.

מוטהיג, בּרידער, מוטהיג, שװעסטער!
דיזער קאַמפף, דער לעצטער, גרעסטער,
רופט אײַך פון די טוכלע נעסטער
אויפ'ן פרײַען פעלד;

אַלזאָ מוטהיג אין די רייהען,
אין די רייהען, צו בעפרייען,
צו בעפרייען און בעניייען,
אונזער אַלטע וועלט.



## אַ קאַמפּף געזאַנג.

וויקעלט פאַנאַנדער די פאָהנען די רויטע,
שפּיעלט אויף אַ מאַרש און דערלאַנגט זיך אַ ריהר;
וועקט אויף די אָרימע לעבעדיג-טויטע,
זאָגט צו זיי: ברידער, זעהט דאָ שטעהען מיר,
דאָרטען — דער בלוטיגער פיינד;

דאָ איז די פרייהייט, דאָס ליכט, די גערעכטיגקייט,
דאָרטען — דער יאָך און די נאַכט און די שלעכטיגקייט;
ברידער, מאַרשירט מיט אונז היינט!

ווישט אויס פון אַרבייטער-אויגען די טרערען,
זאָגט זיי: צום וויינען איז איצט ניט קיין צייט,
לאָז היינט קיין קול פון געוויין זיך ניט הערען,
היינט, ווען מיר קומען אַרויס אויף אַ שטרייט,
מיר און דער בלוטיגער פיינד:

מיר, — וועלכע ווילען די מענשהייט פערברידערן,
ער, — וועלכער וויל איהר דורך שנאה צוגלידערן;
ברידער, מאַרשירט מיט אונז היינט!

וויקעלט פאַנאַנדער די פאָהנע די רויטע,
וועקט די, וואָס שלומערען, זייענדיג שוואַך,

אײנצינװײז נעהמט זײ צונױף די צושפרײטע,
זאָגט זײ: אונז רופט הײנט די הײליגע זאַך
געגען דעם בלוטיגען פײנד;

אונז, דעם המון פון בעדריקטע, דאָך מוטהיגע,
געגען האַבונעס, פערװילדעטע, בלוטיגע,
ברידער, מאַרשירט מיט אונז הײנט!

אידעלעך, איהר זענט בײ אַלע נאַציאָנען
גרים און תושבים געװעזען צוגלײך,
זײט איצט בײ זײ אין די פרײהײטס־לעגיאָנען,
איצט, װען עס שטעהט געגען זײ, געגען אײך,
דאָרטען דער בלוטיגער פײנד;

ער מיט די פאָלקען פון מערדער געדונגענע
געגען די שקלאַפען אין קײטען צושפרונגענע,
װעלכע בעפרײען זיך הײנט.

חיקעלט פאַנאַדער די פאָהנע די רױטע,
שפּילט אױף אַ מאַרש און דערלאַנגט זיך אַ הױב,
האַלט פאַר די אױגען די העלדען די טױדטע,
דענקט אָן די אָפּפער פון האַבזוכט און רױב
הײנט געגען בלוטיגען פײנד;

גיט אַרײן קראַפט אַלע בלײכע, צװױגענע,
גיט אַרײן מוטה אַלע טיעף־אײנגעבױגענע,
זאָגט זײ: מאַרשירט מיט אונז הײנט.



## די רויטע פאהנע.

אונזער פאהנע איז רויט, ליעבע ברידער,
ווייל מיר ווילען, אז קיינער זאל מעהר נישט זיין בלאס;
אז די פארבע פון נויט, ליעבע ברידער,
זאל ניט טראגען דאס פנים פון'ם ארבייטער־קלאס.

* *
*

אונזער פאהנע איז רויט, ליעבע ברידער,
ווייל מען האט די בעפארבען מיט ארבייטער־בלוט
אין די צייטען פון נויט, ליעבע ברידער,
אין די צייטען פון רויב און פון מארד און פון וואוטה.

* *
*

אונזער פאהנע איז רויט, ליעבע ברידער,
ווייל מיר ווילען דעם פורפור, וואס האט אזוי לאנג
די טיראנען געקליידט, ליעבע ברידער,
איבערגעבען דעם פאלק מיט א יובעל־געזאנג.



## די שקלאפען־געדולד.

אה, די געדולד, די פערפלוכטע געדולד,
די שקלאפען־געדולד פון די ארבייטער־מאסען!
די נאר אליין, די אליין איז די שולד
דערפון, וואס די קארמענען די, וואס זיי האסען.

זי, די געדולד, האלט געבונדען די הענד
פון מענער, וואס קענען דער מענשהייט פערשאפען
פריעדען און פרייד צווישען יעדע פיער ווענד,
אנ'אייביגען פריעדען, געזיכערט אהן וואפען.
זי איז די מויער פון יעדען אסטראג,
אין פעטערסבורג, ווי אין פאריז און אין ברוסעל;
זי איז דער טעקסט פון דעם טורעמניק'ס קלאג,
זי איז דער שליסער, דער שלאס און דער שליסעל.
זי, די געדולד, גיט איין מוטה דעם דעספאט
צו ווערגען, צו שטיקען די ערעלסטע העלדען;
זי האלט דאס טרעפעל, וואס פיהרט צום שאפאט,
פאר זיי, וועלכע קומען די נייע צייט מעלדען.
זי איז די גרונדלאגע, דער פונדאמענט
פון מענשען-פערניכטענדע ווערקצייג — פאבריקען;
זי אליין שלייפט יעדען מארד-אינסטרומענט,
מיט וועלכען א ברודער זאל ברידער דערשטיקען.
זי גיט טיראנען א סצעפטער, א טהראן,
לאזט פאלגען די פעלקער און הערשען — די שררות;
זי — זי, די טאכטער פון רעליגיאן,
די מוטער פון קנעכטשאפט, פון חושך און צרות.
זי, די געדולד, האט אליין אין דעם שולד,
וואס מענשען פערבלוטען און שטארבען געלאסען; —
זי, די געדולד, די פערפלוכטע געדולד, —
די שקלאפען-געדולד פון די ארבייטער-מאסען.



# אַ בעזים און אַ קעהר.

גענוג! איך וויל ניט פיטערן
קיין לעדיג-געהערס מעהר;
גענוג פאַר טיראַנען ציטערן, —
אַ בעזים מיר אַהער!
אַרויס, מיין לאָרד און אַדעלמאַן,
דו סוועטער-דיקער בויך,
דו מוסר-זאָגער, טאַדעלמאַן,
דו קיטעלמאַן, געה אויך!
איך דאַרף ניט מעהר קיין מיטעלמאַן,
אַ בעזים און אַ קעהר!
קיין מיטעלמאַן, קיין טיטעלמאַן,
קיין קיטעלמאַן ניט מעהר!

דו עסט מיר אויף, דו פרעדיגער,
וואָס בלייבט פון סוועטער נאָך;
און דו, מיין הערד לאָרד גנעדיגער,
דיין טיטעל איז מיין יאָך.
דער לאָרד נעהמט צו דאָס לאַנד פון מיר,
דער פרעדיגער שטימט צו,
דער סוועטער שוויצט די האַנד ביי מיר,
דאָך זאָג איך אייך: הערט-צו!
איך דאַרף ניט מעהר קיין פרעדיגער,
אַ בעזים און אַ קעהר!
קיין פרעדיגער, קיין גנעדיג-הערד,
קיין לײדיג-געהער מעהר!

גענוג מיר לאָזען האָבעוועץ
האַטונעס דורך מיין מיה;

גענוג פון מיר אייך ראבעווען

אונ טרייבען מיך, ווי פיה!

מיך שרעקט קיין שווארצער קיטעל ניט,

קיין שווארצער יאהר ניט מעהר;

מיך שרעקט קיין טשין, קיין טיטעל ניט, —

מיין בעזים מיר אהער!

איך דארף ניט מעהר קיין פלאפערמאן, —

קיין פלאפערמאן, קיין האפערמאן,

קיין קלאפערמאן ניט מעהר!

אידאר אלע דארמאיעדניקעס,

אידאר לייריג־געהערס, גערדט!

אונ אייערע נאסליעדניקעס

הייסט מאכען זיך בערייט

צו לעבען אין די קינפטיגע

געזעלשאפט מיט דער צייט,

ווי עהרליכע פערנינפטיגע

אונ ברידערליכע לייט;

וויל דאן וועט מעהר קיין מיטעלמאן,

קיין פאראזיט ניט זיין!

קיין מיטעלמאן, קיין קיטעלמאן,

קיין טיטעלמאן ניט זיין!



## אויף אונזערע קברים.

ווען די פרייהייט וועט זיצען געקרוינט אויפ'ן טהראָן

פון אַ גליקליכער וועלט און אַ מענשהייט פון ברידער;

ווען די וואַרהייט וועט האָבען אַ פּלאַץ אויבען־אָן

און אין תהום וועט זײַן אַלעס וואָס איז איהר צו־ווידער;

ווען דאָס רעכט וועט געליבט זײַן, דאָס אונרעכט — פערהאַסט
און ווען קיינער וועט קיינעם ניט קויפען, ניט דינגען;
ווען דאָס טהון וועט דעם טהוער ניט זײַן מעהר צו לאַסט
און בײַ'ן אַרבײַטען וועט מען מיט פרעהליכקייט זינגען;

ווען ערפינדונגען וועלען פערציערען די וועלט,
ניט מעהר געבענדיג איינצעלנע מענשען מיליאָנען;
ווען מען וועט אונזער היינטיגען שטרעבען נאָך געלד
ווי אַ חלום אַ בײַזען מיט שרעקען דערמאָנען;

ווען די גלייכהייט וועט האָבען פערטריבען דעם נייד
און די בילדונג וועט אויפגעקלערט האָבען די מאַסען,
ווען מען וועט נישט פערשטעהן מעהר די איצטיגע רייד
פון רעגירענדע און געהאָרכזאַמע קלאַסען;

ווען די ליעבע וועט האָבען פערניכטעט דעם האַס
און דאָס גליק וועט פערטיליגט האָבען קנאה און פײַנדשאַפט,
ווען די גאַסען אין שטאָדט און די הײַזער אין גאַס
וועלען פול זײַן פון איינינקייט, ליעבע און פרײַנדשאַפט; —

דאַן וועט זיצען אַמאָל אין אַ ליעבליכען קרײַז
פון צופריעדענע קינדער, געבאָרען אין פרײַדען,
אַ געלעהרנטער מאַן, אַן ערפאַהרענער גרײַז,
וועלכער וועט זיי דערצעהלען פון אונזערע לײַדען:

ווי מיר האָבען געקוועלט זיך מיט דורות צוריק,
ווי מיר האָבען אָהן אויפהער געקעמפפט, וועט ער מעלדען,
ווי עס האָבען געוואָרגען די תליות, די שטריק,
די אַמאָליגע עהרליכע מוטהיגע העלדען.

ווי עס האָבען געראַנגעלט זיך איניג די הענד
מיט דעם קאַפיטאַליסטישען שרעקליכען מאָגען,

און צו מאַכען פון רויב און בעדריקונג איין ענד,
וואס זיי האָבען געטהון און אריבערגעטראָגען.

ווי דעם אַרבייטער'ס אָרימע ווייב און זיין קינד
האָבען אָפט אָן דעם אייגענעם דלות פערגעסען,
און די וועלט צו בעפרייען פון פרעסערס געשווינד,
האָבען פרייוויליג גאַנצענע טעג ניט געגעסען.

*    *
*

און די גליקליכע קינדער, פערזאַמעלט אין קרייז,
וועלען אויפשטעהן געריהרט פון דעם אלטען מאַנ'ס ווערטער,
וועלען דריקען די האַנד דעם געאַכטעטען גרייז
און דאַן לויפען בעזוכען די היילינע ערטער, —

וואו עס רוהען די קעמפפער פון הייַנטינען דור,
וואס דער טוידט נאָר אַליין האט געקענט זיי בעצווינגען,
און בעגייסטערטע קינדערשע שטימען אין כאָר
וועלען זייער געדעכטניס מיט עהרפורכט בעזינגען.



## צו מיינע ברידער.

אָרעם געוואָרענע,
ווען ניט געבאָרענע,
ווען ניט געבונדענע,
דענגאָך געשונדענע
שקלאַפען זייט איהר;

אייביג פערצרה׳טע,
אייביג פערמארעטע,
היער אבגעריסענע,
דארט אבגעשליסענע,
שטעהט איהר פאר מיר.

מענער פערבלענדעטע,
פרויען געשענדעטע,
לאזט מען אייך פלאדעווען,
אויפציהען, האדעווען,
און דער גביר לאכט —

וועהרענד ער האבעוועט,
צופט אייך און ראבעוועט,
יאגט אייך אין יאך אריין,
טרייבט אייך אין סאכ׳ אריין,
טרייבט טאג און נאכט.

איהר בויט טהעאטערן
זיך צו פערמאטערן;
ניט צום צערשטרייען זיך,
ניט צום ערפרייען זיך,
בויט נאך אנאנד:

זענען די מעכטיגע,
הערליכע, פרעכטיגע,
גרויסע און טייערע
הייזער דען אייערע,
אויף אייער לאנד?

יונגערהייט, אלטערהייט
הונגערט איהר קאלטערהייט,

וואוינט איהר אין דריקענעש,
קריינקט איהר אין שטיקענעש
ניט וואו איהר בויט.

שעפסען געשארענע,
אייער פערלארענע
וואל ווארעמט שינדער נאר,
זייערע קינדער נאר,
ניט אייער הויט.

א, ניט פון העלערהויט
געהט איהר אום געלערהויט,
מאגער און אויסגעדארט,
הושך׳דיג, אויסגעקווארט,
שטארבט פאר דער צייט.

דאס קומט פון צימערלעך,
וואו איהר לעבט קימערלעך,
דאס קומט פון דריקען זיך,
טונלעקייט, שטיקען זיך,
ארימע לייט!

* *

*

וועניג וואס ויסענדיג,
גאר נישט געניסענדיג,
לעבט איהר פערגרעבטערהייט,
שטארבט ניט געלעבטערהייט,
גלויביג אין גאט;

גלויבענדיג, שטרעבט איהר ניט,
האפענדיג, לעבט איהר ניט;

האָט איהר דען יענע וועלט —
גאָט'ס ליעבע, שענע וועלט —
דענקט איהר — איהר האָט?

טיעף־טיעף געזונקענע,
גלויבענס־בעטרונקענע,
גיט איהר די וועלט אַוועק,
לייב לעבען, געלד אַוועק,
דעם, וואָס איז רייך;

און זיינע קינדערלעך,
קינפטיגע שינדערלעך,
קינפטיגע צאַפּערלעך,
רייסערלעך, האַפּערלעך,
לאַכען פון אייך.

* *
*

איהר זייט די טויזענדער!
איין רוף אַ ברויזענדער,
איין קלאַפּ אַ טיכטיגער,
איין קאַמפּף אַ ריכטיגער,
ריכטיג בעדאַכט,

וואָלט די פערדאָרבענע,
האַלב אָבגעשטאָרבענע,
די האַלב צוגליעדערטע
מענשהייט פערבריִדערט, און
גליקליך געמאַכט.



## א טרויסט־געזאנג.

הערצער צובראָכענע,
קראַנקע, צושטאָכענע,
אַרבייטער־אידעלעך,
צוויי נייַע ליעדעלעך,
זינג איך אַייך הייַנט;

אייער אונענדליכע,
אָפט אונפערשטענדליכע,
ליידען צו מילדערן
וויל איך איצט שילדערן
גוטעס אייך, פרייַנד.

I.

טרוימט ניט פערצאָגטערהייט
מוחות פערשלומערטע,
זיפצט ניט פערקלאָגטערהייט,
הערצער פערקומערטע,
חיינט ניט און קלאָגט;

ברידער, די נאַכט געהט אוים!
אוים איז די זאָרגענשטונד,
די בייזע נאַכט געהט אוים, —
אָט שלאָגט די מאָרגענשטונד,
ברידער, עס טאָגט!

לוסט־ליעדער זינגענדיג,
קומט אָן די נייַע צייַט,

זינגענדיג, ברײַנגענדיג
גוטס, קומט די פרײַע צײַט:
„זײַט, זאָגט זי, פרײַ!

מענער געצוואונגענע,
לאָזט זיך ניט צווינגען מעהר;
פרויען פערדונגענע,
לאָזט זיך ניט דינגען מעהר:
אוים שקלאַפעריי!"

אַרבײַט אין אײניגקײַט, —
אַרבײַטען ברידערליך,
איז זיך אַ קלײניגקײַט,
לײַכט און ניט ווידערליך,
זים און ניט לאַנג;

ווײַל די הענד הויבען זיך,
ווירקענדיג פרײַנדשאַפטליך,
אָהנע צו רויבען זיך,
האַבעוועען פײַנדשאַפטליך,
און אָהנע צוואַנג.

בלומען־קרענץ הופטיגע,
זאַלען פערציערענדיג,
צימערן לופטיגע,
וואו פראָדוציערענדיג
יעדער מאַן שטעהט;

שטעהט אַ בעגײַסטערטער,
ליעבט זײַנע אַרבײַט ער,
ניט קײן געמײַסטערטער
איז אַזאַ'ן אַרבײַטער,
דיענט ניט פאַר ברויט.

קײנער צום װאַנדערן
װערט ניט געדונגען מעהר:
אײנער פון אַנדערן
װערט נישט פערשלונגען מעהר —
קײנעם ניט פעהלט.

ליעבענדיג, לעבענדיג,
לעבט מען גענישענדיג,
לעבט יעדער געבענדיג,
לעבט ער פערזיסענדיג
אַלץ אין דער װעלט.

II.

טרוימט ניט פערטראַכטערהײט,
מוחות פערשלומערטע,
זינקט ניט פערשמאַכטערהײט,
הערצער פערקומערטע,
זיצט ניט פערטראַכט!

ברידער, די נאַכט געהט אויס,
ברידער, די זון געהט אויף,
די בײזע נאַכט געהט אויס:
שנעל מיט דער זון שטעהט אויף,
ברידער, ערװאַכט!

פרײדענפול זינגענדיג
ליעדער ערקװיקענדע,
פרײדענפול קלינגענדיג
טענער ענטציקענדע,
קומט אָן די צײט —

פון ארבייט עהרליכע,
פריי פראָדוציערענדע
אַלעס בעגעהרליכע,
ניצליכע, ציערענדע,
פרידליך אָהן שטרייט.

קומט אויף פערקינדיגען
ליעבע בעשטענדיגע,
פאַר יעדען מינדיגען,
צו אַ זעלבסטשטענדיגע
אַרבייטערין, —

ליעבע, ערוואָרבענע
אָהן אייגענטוציגע
פלענער פערדאָרבענע,
אויסזיכטען שמוציגע
אָהן געלד דאַרין;

ליעבע, וואָס זוכט ניט מעהר
גייסטליכע רייניגונג,
ליעבע, וואָס פלוכט ניט מעהר
שפּעטער די אייניגונג
און איהרע פרוכט;

ליעבע אָהן ציטערניש,
ליעבע פון זאָרגען פריי,
לעבען אָהן ביטערניש,
פון נויט און באָרגען פריי,
לעבט און פערזוכט.

בלינדערהייט גלויבט ניט מעהר,
לעבט ניט פעראירטערהייט,

אויף זיך ערהויבט ניט מעהר
הערשער רעגירטערהייט,
קיין לאסט ניט טראגט.

אויפוואכט, פערשלאפענע,
לאנג־לאנג בעדריקטע לייט,
אונגליק בעזאפענע,
ווערט היינט בעגליקטע לייט, —
ברידער, עס טאגט!



# דאס ליעד פוּנ'ם העמד.

(טהאמאס הוד'ס)

פריי איבערזעצט אוים דעם ענגלישען.

מיט מאגערע פינגער, דאר און אויסגעדרעהט,
מיט אויגען, וואס זענען פון ארבייט שוין בלינד —
א ווייבעלע זיצט זיך, אין לומפען געקליידט,
און וואַרפט מיט דער נאדעל און פאדעם געשווינד.
שטעך — שטעך — שטעך!

אין הונגער, אין דלות, פאר אלעמען פרעמד,
און דאך מיט א ריהרענדער שטים אין דער הויך,
זינגט זי זיך דאס ליעד פונ'ם העמד:

* *
*

„איך ניי — ניי — ניי!
נאך איידער דאס קרייען פון האן איז צו הערען!
און ניי! אבער ניי — ווידער ניי!

בּיז איך זעה הורך די לעכער אין דאַך שײַנען די שטערן
מיר דאַכט זיך, עס קען ניט זײַן ערגער אַ קנעכט,
װאָס אַרבּײַט אַלס שקלאַװע בּײַ הײדען, בּײַ'ן טערק;
מיר דאַכט זיך, עס קען איהם ניט זײַן אַזוי שלעכט,
װי מיר איז בּײַ דיזעם אונמענשליכען װערק!
ניי! פּראַצעװע — האָרעװע — ניי!

בּיז איך קען מײַן קאָפּ ניט דערלאַנגען אַ דרעה!
און ניי! אָבער ניי! — װידער ניי!

בּיז מײַנע געשװאָלענע אױגען טהוען װעה.
די מערלע, דער זױם און די בּאַנד,
די בּאַנד און די מערלע, דער זױם!
איך פּאַל אױפ'ן נאָז מיט די קנעפּלעך אין האַנד,
און ניי זיי, עס דאַכט זיך מיר, אָן אין אַ טרױם.
אָה מענשען! אױב איהר האָט אַ שװעסטער, אַ װײַב,
אַ מוטער װען אַײך האָט דאָס שיקזאַל געגעבּען,
זײַט װיסען, איהר טראָגט ניט אױס װעש אױפ'ן לײַב —
איהר טראָגט אױף זיך מענשליכען לעבּען!
שטעך — שטעך — שטעך!

אין הונגער, אין שמוץ, פאַר די גאַנצע װעלט פרעמד,
ניי איך מיט אַ דאָפּעלטען פאָדים: פאַר זיך
תכריכים, פאַר אַנדערע מענשען — אַ העמד.
נאָר װי איז דער טױדט אױף מײַן רעיון אַרויף?
דעם מלאך המות'ס געשטאַלט — אַ סקעלעט, —
װי קען עס מיך שרעקען, װען מײַן אײגען גוף
איז זעלבּסט נאָר אַ בּײנער־געשטאַלט, װי איהר זעהט?
נאָר בּײנער אַ הױפען, גענוי װי דער טױדט:
איך פאַסט אַזוי אָפט, און בּין ניע אױסגערוהט.
אָה הימעל! עס זאָל אַזוי טײַער זײַן בּרױט,

עס זאָל אַזוי וואָלוועל זיין פלייש און בלוט!
נײַ! פראַצעווע, האָרעווע, — נײַ!

צום אַרבייטען בין איך קיינמאָל ניט צו שוואַך,
און וואָס איז דער לויהן פון מיין פראַצע? פון שטרוי
אַ בעט, אַ שטיק טרוקענע ברויט, דער צובראָכענער דאַך,
אַ קאָדער ביי'ן לייב, דיזער טיש מיט'ן שטוהל,
פיער ווענדע, וואָס זענען אַזוי פוסט און בלאַנק,
אַז ווען זיי מאַכט עפּעס נאָך צייטענווייז פול —
דערפאַר קומט מיין איינענעם שאָטען אַ דאַנק!
איך נײַ! — אָבער נײַ — ווידער נײַ!

פון מאָרגען ביז שפּעט אין די פינסטערע נאַכט;
נײַ! פראַצעווע, האָרעווע — נײַ!

אַזוי ווי פערבּרעכער אין טורמע פערמאַכט:
די באַנד און די מערלע — דער זוים,
די מערלע, דער זוים און די באַנד!
ביז איך פיהל מיין קאָפּ אויף די שולטערן קוים,
מיין מוח פערווירט, און שוואַך מיינע הענד.
נײַ! פראַצעווע, האָרעווע — נײַ!

ביין פינסטערן ליכט פונ'ם דעצעמבּער טומאַן;
און נײַ! אָבער נײַ — ווידער נײַ!

אים ליעבּליכסטען פריהלינג, וואָס געבּען נור קאַן,
ווען אונטער'ן דאַך אין איהר נעסט זיצט די שוואַלב,
און ווייזט מיר פון ווייטען די ליכטיגע זון, —
זי ווייזט מיר דעם פריהלינג און פרעגט מיך ווערהאַלב;
איך זעה דאָס אַלץ צו און געניס ניט דערפון.
אָה, איינמאָל נאָך שעפּען וואָלט איך פרייע לופט,
וואו ראָזען און ליליען ליעבליך און זיס,

געפינען זיך דארט, וואו די פייגעלע רופט!
דעם הימעל פון אויבען — גראז אונטער די פיס....
נאר איין שעה דארטען זיין פאר'ן טויט,
צו שלינגען די לופט, וואו א ווינטעלע בלאזט;
ווי דאן — ווען מיר וואר אונבעקאנט נאך-די נויט,
איידער מיר א שפאציער האט א מיטאג געקאסט.
אה! איין קורצע ווײַלינקע בעט איך נאר הײַנט,
אויף איין קורצע שטונדע צו ווערען בעפרײַט —
ניט האפנונג צו זוכען, ניט ליעבע פון פרײַנד,
מײַן הארץ אויסצוווײַנען פערלאנג איך נאר צײַט.
אביסעלע ווײַנען, נאר עטליכע טרערען,
וואלט גרינגער געמאכט מײַן צובראכענעם הערץ.
איך טאר אבער נאדעל און פאדעם ניט שטערען
דורך ווײַנען — אפילו צו שטילען מײַן שמערץ״.

* *

*

מיט מאגערע פינגער, כמעט אויסגעדרעהט,
מיט אויגען, וואס זענען פון ארבײַט שוין בלינד,
א ווײַבעלע זיצט זיך, אין קאדערם געקליידט
און וואַרפט מיט דער נאדעל און פאדים געשווינד.
שטעך — שטעך — שטעך!

אין הונגער, אין דלות, פאר אלעמען פרעמד,
און דאך, מיט א ריהרענדע שטימע אין דער הויך
זינגט זי זיך דיזעם ליעד פונ'ם העמד.



## ניט אַהין און ניט אַהער.

זי איז אַן אַלמנה, אַ יונגע אַלמנה,
און מאַטערט זיך שווער אויף איהר שטיקעלע ברויט:
זי אַרבייט ביי'ן שיין פון דער זון, דער לבנה,
און ליידט אַכט חדשים אין יאָהר ניט קיין נויט.
זי ווערט פאַר דער צייט, דאַכט זיך, בּיסלעכווייז גרוי,
דאָך זעהט זי צופריעדען אויס, איז אַזוי שטיל!
וואָס האָט פון איהר אַרבייט די אָרעמע פרוי?
צום לעבען צו ווענינ, צום שטאַרבען צופיעל.

זעקס שילינג אַ וואָך איז אַ קנאַפּע הכנסה,
זעקס שילינג אַ וואָך אַכט חדשים אין יאָהר,
איהר אַרבייט איז אויך ניט קיין לייכטע פרנסה.
קיין וואונדער ניט, וואָס עס ווערט גרוי איהרע האָר,
זי עסט זיך דערעסט ניט, און עסט ניט אין צייט
און זעהט אימער אויס האַלב פערהונגערט און מאַט:
זי בלייבּט ווי די אַנדערע אָרעמע לייט,
צום לעבּען צו הונגעריג, צום שטאַרבען צו זאַט.

אַמאָל איז זי וואונדערבאַר ליעבליך געוועזען,
מען האָט איהר גערופען אַ שענהייט זאָגאַר,
מען האָט פון איהר געמאַכט זעהר פיעל וועזען,
היינט איז זי, די אָרימע, געלבלעך און דאַר,
די אויגען פערזונקען, די ליפּען מאַט-בלוי,
איהר ברוסט איז איצט פלאַך, די פיגור קרום און קליין,
אַ בלום אַ פערוועלקטע איז איצט דיזע פרוי —
צום לעבען צו העסליך, צום שטאַרבען צו שען.

פערוועלקט, און אין גאַנצען איז זי אַ יאָהר דרייסיג!
איהר צוקונפט איז שוואַרץ, איהר פערגאַנגענהייט לער,
זי האָרעוועט דעננאָך צופריעדען און פלייסיג,
און טרוימט אָפט ביי נאַכט פון איהר נאָדעל און שער!
איהר לעבען איז טרויעריג, צוועקלאָז און פוסט,
און ווען אויך זי לאַכט, ליעגט דער טוידט אויף איהר צונג,
זי ווירקט אָהנע האָפנונג, זי אַרבייט אָהן לוסט —
צום לעבען צו אַלט און צום שטאַרבען צו יונג.

דער טוידט, אַך, דער טוידט קומט אַליין נעהנטער טאָג טעגליך,
זי זעהט איהם אין חלום און אָפט אויפ'ן וואָהר,
די פרעהליכסטע ליעדער — זיי קלינגען איהר קלעגליך,
איהר שיינען די זינגערס קברנים אין כאָר;
לאַנג לעבט זי ניט מעהר, ווען זי וואָלט אויך געוואָלט,
דערצו אָבער האָט זי ניט מעהר קיין פערלאַנג:
וואָס איז מיר, זאָגט זי, נאָך אַ יאָהר אין דער וועלט?
צום לעבען צו קורץ און צום שטאַרבען צו לאַנג.



## רייכע לייט.

רייכע לייט צופריעדענע
לעבען אויף פערשיעדענע
אופנים אויף דער וועלט:
מאַנכע פון זיי ציערען זיך,
אַנדערע פערשמירען זיך
און אַלע ליעבען געלד.

און זיי אַלע האָבעווען, —
האָבעווען, בעראַבעווען
די אויסגעקוועלטע הענד;
דיזער דורך אַ בלעטעלע,
יענער דורך אַ צעטעלע,
אַנ'אַנדערער דורך רענט.

דער, געזעצליך לאַטכענדיג,
יענער, געטליך בדהנ'דיג,
אַ דריטער פון פּראָצענט;
פון פּראָצענט, פון וועקסעלעך,
נעהמענדיג פון עקסעלעך
וואָס קריכט נאָר אין די הענד.

קוקט מיט וואָס זיי רייסען זיך
צווישען זיך, און בייסען זיך
און האַפּען דער פון דעם;
דאָס איז נאָר אַ קלייניגקייט,
וויל מען קען אָהן אייניגקייט
זיך לעבען רייך, בעקוועם.

און דער רייכטום זייערער
ווערט אַנ'אונגעהייערער
בעטרוג זיין אַזוי לאַנג,
ביז דער לעבען אייערער
ווערט ניט זיין קיין פרייערער, —
פון יאָך פריי און פון דראַנג.



# די מאַרסעליעזע.

שטעהט אויף, איהר אונטערדריקטע מאַסען,
און מאַכט פון שקלאַפערייַ אַיין ענד!
לאָזט ניט מעהר קיין לעדיג־געהער פרעסען
די פרוכט פון אויסגעקוועלטע הענד!
הערט איהר ניט, ווי עס רוישען שוין די וואפען
געגען אונזערע ברידער אויפ'ן גאַס?
זעהט איהר דען ניט, ווי זיי ווערען בלאַס
פאַר וואוטה, די בלוט־זויגער און פפאַפען?
שטעהט אויף, איהר אַרבייטס־לייַט!
ערהויבט זיך מאַן פיר מאַן,
מאַרשירט מיט אונז אין אייניגקייַט
צום קאַמפף מיט דעם טיראַן.

וואָס האָט איהר, ברידער, צו פערליערען,
וואָס טויג אַ לעבען אַייך אָהן ברויט?
ווילט איהר דען אייביג ווינטער פריהרען
און אייביג זומער ליידען נויט?
האָט איהר ווירקליך מורא פאַר הארמאַטען,
פאַר אַ ביקס, אַ שפיז אָדער אַ שווערד?
געהט איהר דען ניט פאַר דער צייַט אין ד'ערד
טויזענדווייַז, ווען אויך ניט דורך סאָלדאַטען?
שטעהט אויף איהר אַרבייטס־לייַט,
ערהויבט אַייך מאַן פיר מאַן,
מאַרשירט מיט אונז אין אייניגקייַט
צום קאַמפף מיט דעם טיראַן.

זאָגט אַרבּייטער איזראַעליטען,
אויף וועלכער גאולה וואַרט איהר היינט?
דער גואל פון די פּאַראַזיטען
קען אייער גואל ניט זיין, פריינד!
איהר וואָלט זעלבּסט אין׳ם „לאַנד דער העברעער"
בּלייבּען שקלאַפען בּיי דעם מאַן פון געלד,
נו, וואָהלאַן, דען! ווייזט דער גאַנצער וועלט,
אַז איהר שטאַמט אָב פון די מאַקאַבּעער,
שטעהט אויף, איהר אַרבּייטס־לייט!
ערהויבּט אייך מאַן פיר מאַן!
מאַרשירט מיט אונז אין איינינקייט
צום קאַמפּף מיט דעם טיראַן!





# אין קאמפף.

מיר ווערען געהאסט און געטריבען,
מיר ווערען געפלאגט און פערפאלגט — .
און אלעס דערפאר, ווייל מיר ליעבען
דאס ארימע שמאכטענדע פאלק.
מיר ווערען ערשאסען, געהאנגען;
מען בערויבט אונז דאס לעבען און רעכט
דערפאר, ווייל מיר אמת פערלאנגען,
און פרייהייט פאר ארימע קנעכט!
אבער אונז וועט ניט ערשרעקען
געפענגניש און טיראנייַ;
מיר מוזען די מענשהייט ערוועקען
און מאכען זי גליקליך און פריי.
שמידט אונז אין אייזערנע קייטען,
ווי בלוטיגע חיות אונז רייסט;
איהר וועט אונזער קערפער נאר טייטען,
אבער ניט אונזער היילינען גייסט!
טיראנען! איהר קענט איהם ניט טייטען,
דאס איז איין אונשטערבליכע בלום;
זיינע שמעקענדע, פלאמענדע קוויטען
בליהען שוין יעצט אומעטום.
די בליהען אין דענקענדע מענשען,
וואס ליעבען גערעכטיגקייט, ליכט;

אַלײן די נאַטור טהוט זיי בענטשען
צום קאַמפף, צו די הייליגע פפליכט —
בעפרייען די אָרימע שקלאַפען,
וואָס שמאַכטען אין הונגער און קעלט,
און פאַר די מענשהייט בעשאַפען
אַ פרייע, אַ ליכטיגע וועלט,
וואו עס זאָל ניט גיסען קיין טרערן,
ניט פליסען אונשולדיגעס בלוט,
און מענשען, ווי גלענצענדע שטערן,
שיינען מיט ליעבע און מוטה!
איהר קענט אונז ערמאָרדען, טיראַנען!
נייע קעמפפער וועט ברינגען די צייט —
און מיר קעמפפען, מיר קעמפפען ביז וואַנען
די גאַנצע וועלט וועט ווערען בעפרייט.



# מײן צוואָה.

אָ גוטע פריינד! ווען איך וועל שטאַרבען,
טראָגט צו מיין קבר אונזער פאָהן —
די פרייע פאָהן מיט רויטע פאַרבען,
בעשפריצט מיט בלוט פון אַרבייטסמאַן!

און דאָרט אונטער דעם באַננער רויטען
זינגט מיר מיין ליעד, מיין פרייעס ליעד!
מיין ליעד „אין קאַמפף", וואָס קלינגט ווי קייטען —
פון דעם פערשקלאַפטען קריסט און איד.

אויך אין מײַן קבר װעל איך הערען
מײַן פרײַעס ליעד, מײַן שטורם־ליעד.
אויך דאָרט װעל איך פערגיסען טרערען
פאַר דעם פערשקלאַפטען קריסט און איד!

און װען איך הער די שװערדען קלינגען
אין לעצטען קאַמפף פון בלוט און שמערץ —
צום פאָלק װעל איך פון קבר זינגען
און װעל בעגײַסטערן זײַן הערץ!



## זינג מיט לוסט.

איך זאָל האָבען הונדערט קעפּ,
װאָלט איך אַלע אָבגעגעבען
פאַר מײַן גרױסען אידעאַל,
װײַל אָהן איהם װאָס איז דער לעבען?

הײסט דאָס לעבען? אימער זעהן,
װי עס װעלקען אַרום דיר
יונגע בלומען און עס פליעסען
הײסע טרערען אָהן אַ שיעור!

הײסט דאָס לעבען? פאַר אַ שװינדלער
שװײַגענד אײַנבײגען דעם קאָפּ, —
קלײַבען ברעקלעך, װאָס ער װאַרפט דיר,
װי אַ הונד פון טיש אַראָפּ?

גוט איז דעם, וואָס קען ניט לעזען
אויף די מענשליכע געזיכטער. —
גוט איז דעם, וואָס איז קיין דענקער. —
גוט איז דעם, וואָס איז קיין דיכטער.

גוט איז דעם, וואָס האָט אין הערצען
אַלעס מענשליכעס פערלאָשען;
מעג די וועלט אין טרערען שווימען,
ער וועט צעהלען זיינע גראָשען...

אָבער דער, וואָס ווייס צו לעזען
ניט נאָר ביכער און ראָמאַנען,
דער וואָס קען אויך לעזען הערצער,
וואָס פערבלוטען פון טיראַנען —

אויף די מראַמאָר ווייסע וואַנגען,
אין די אויגען, וואָס זינד פייכט —
קענט איהר אונזער וועלט ערלערנען
בעסער ווי פון בוך פילייכט. —

קוקט זיך צו צו די געזיכטער,
צו די טרויעריגע, בלאַסע,
פון די היימלאָזע בערויבטע
קינדער דער פערשקלאַפטער מאַסע!

וואָס פיר שמערצען! וואָס פיר ליידען!
זיי צורייסען מיר מיין ברוסט!
און איך קוק מיט ווילדען צאָרן,
ווען מען זאָגט מיר: „זינגט מיט לוסט!"

„זינגט מיט לוסט"? אָ, הומע שקלאַפען!
רופט די טענצער, די פּאַיאַצען!

און זיי װעלען אַמוזירען
אייך מיט פויקען און מיט טאַצען!

אָבער װייסט, אַז אויך פּאַיאַצען
לאַכען יעצט דורך הייסע טרערען,
און דער הונגעריגער טענצער
טאַנצט מיט פלוך פיר זאַטע הערען.

פרייד איז יעצט ניטאָ ביי קיינעם;
יעדען איינעם איז יעצט שלעכט:
פון די גלענצענדע באַנקירען
ביז די אונטערדריקטע קנעכט, —

װייל דער רייכער װייס זיין ענדע:
דאָס פון בערויבטען פאָלק,
פון פערבלוטיגטע געשפּענסטער
װערט ער טאָג און נאַכט פערפאָלגט.

און די אָרעמע — זיי ליידען,
װייל זיי האָבען קיין פערשטאַנד,
אום צו רייכען זיך װי ברידער
אין דעם פרייהייטס־קאַמפּף די האַנד. —

זאָגט, װאָס איז אַ הוצענד שווינדלער
געגען זאָ פיעל אַרבייטס־לייט!
נאָר אַ ביסעל מוטה און אַחדות
און מיר װעלען זיין בעפרייט!

דאָך געגוג... עס איז זאָ קלעגליך,
רופט די טענצער, די פּאַיאַצען!
און זיי װעלען פאַר אייך שפּרינגען
מיט די פויקען, מיט די טאַצען!

אָבּער ווייסט, אַז אויך פּאַיאַצען
לאַכען יעצט דורך הייסע טרערען,
און דער הונגעריגער טענצער
טאַנצט מיט פלוך פיר זאַטע הערהען.



## דער פאַל פון דער באַסטיליע.

הערט ווי עס דונערט, עס שטורעמט און קראַכט —
דאָס פאַלט די באַסטיליע — די שרעקליכע מאַכט
פון פראַנקרייך געקרוינטע באַנדיטען.

דאָס פאַלט די באַסטיליע, די בלוטיגע וואַנט,
וואו יעדער שטיין איז איין עדות, אַ וועלט-מאָנומענט
פאַר די, וואָס האָבען פאַר פרייהייט געליטען.

אין ווילדער פערצווייפלונג, אין בלוט און אין פלאַמען
שטעהען די ליידענדע שקלאַפען צוזאַמען —
די קינדער פון הונגער און נויט.

זיי ברעכען דעם טהראָן פון די הערשענדע הענקער,
דעם פינסטערן קערקער פון מענשליכע דענקער —
דעם גיהנם פון שרעקען און טוידט.

עס האָט שוין געשלאָגען די שטונדע פון ראַכע,
ווען שוואַך זיינד די שטאַרקע און שטאַרק זיינד די שוואַכע
אין זייער גערעכטיגען צאָרן.

עס פאַלט די באַסטיליע, עס שטורמט און קראַכט:

ד. עדעלשטאַדט.

---

דאָס פאָלק האָט ערקענט זײַן געוואַלטיגע מאַכט.
  טיראַנען, איהר זײַט יעצט פערלאָרען!

איהר קענט ניט מעהר שיסען אין פאָלק מיט קאַנאָנען,
און זיצען זיך רוהיג אין גאָלדענע טהראָנען,
  און טרינקען דאָס בלוט פון דעם פאָלק.

איהר מוזט פון די רײַכע פּאַלאַסטען אַנטלויפען;
פאַר געלד וועט איהר יעצט מעהר קײן שקלאַפען ניט קויפען.
  שווינדלער האָבען דאָ מעהר קײן ערפאָלג!

עס ליעגט אין רואינען דער פינסטערער טהורם —
יעצט הויבט זיך אויף אַ געוואַלטיגער שטורם
  אויף דער שוואַרצער באַסטיליע דער וועלט!

דאָרט, וואו אַ ברודער ערמאָרדעט דעם צווייטען,
דריקט איהם, בערויבט איהם און שליסט איהם אין קייטען,
  פערקויפט איהם פאַר לוקסוס און געלט.

און די הייליגסטע פּפליכט פון מענשליכע פפליכטען —
אָה, פאָלק! — איז: צובּרעכען, פערברענען, פערניכטען
  דיזע שוואַרצע באַסטיליע דער ערד!

ערוועק דאָך דײַן גײַסט, דײַן קראַפט, דײַן צאָרן —
דער מענש איז פיר ליעבע, פיר פרײַהײַט געבאָרן —
  פאָרווערטס מיט פלאַם און מיט שווערד!

פאָרווערטס אין קאַמפף מיט געוואַלטיגען שטורם,
שטירצט די באַסטיליע פון פינסטערן טהורם,
  לאָז פרײַהײַט בעלײַכטען די ערד!



# דער אידישער פּראָלעטאר.

(געזונגען מיט'ן מאָטיוו פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער ליעד
„מי זשערטוואָי פאַלי. . .")

ברידער, מיר טראָגען די דרייפאַכע קייט —
אַלס אידען, אַלס שקלאַפען, אַלס דענקער;
מיר ווערען געיאָגט און געמאַטערט צום טוידט
פון אַנטיסעמיטען און הענקער!

די בלומעלעך יונגע, וואָס פאַנגען ערשט אָן
צולאָזען די אײידעלע קוויטען,
ווערען צוטראָטען פון געלדזעק און טהראָן,
פערמאַטערט אין שקלאַפען־קייטען!

מען מאַכט אונז פאַר בעטלער, מען מאַכט אונז פאַר קנעכט,
מען ווערגט אונז, מען בייגט אונז אין דרייען;
מען זאָגט אונז: אַלעס דאַרף זיין פיר אייך רעכט,
און רויבט מען אייך — טאָרט איהר ניט שרייען!

דאָך, ברידער, עס לעבט נאָך דער הייליגער גייסט,
וואָס מאַכט פאַר אַ העלד אויך דעם שלאַפען;
וואָס וואַרפט אום די קערקערס*), די קייטען צורייסט
און בעפרייט די פערמאַטערטע שקלאַפען!

ער וועט אונז העלפען פון דרייפאַכען פלוך
די אַרבייטער־מאַסע ערלעזען:
נאָר דאַן וועט די מענשהייט איהר טאַגע־בוך
אָהן טרערען, אָהן שאַנד קענען לעזען!

---

*) קערקערס—טורמעס.

בריִדער, מיר מוזען די ליידענדע ערד
פון קייטען, פון טרערען באַפרייען!
שולטער אן שולטער, מיט פאַנצער און שווערד,
פאָרוועֶרטס אין די קעמפפענדע רייהען!

וואָס שווערער דער קריג, דאָס זיסער דער זיג,
דאָס פראַכטפאָלער זענען די פּירות!
און ווער עס פאַלט אין פרייהייטס-קריג,
דער לעבט אין די קומענדע דורות!

וואָס טויג אונז דאָס לעבען אָהן פרייהייט, אָהן רעכט,
אונטער'ן בייטש פון טיראַנען!
ביז וואַנען וועלען מיר בלייבען נאָך קנעכט,
היימלאָזע שקלאַפען — ביז וואַנען?!

בריִדער, שווערט די פערבלוטיגטע ערד,
דאָס פאָלק פון טיראַנען באַפרייען!
שולטער אן שולטער, מיט פאַנצער און שווערד,
פאָרווערטס אין די קעמפפענדע רייהען!



## וואכט אויף!

ווי לאַנג, אָה, ווי לאַנג, וועט איהר בלייבען נאָך שקלאַפען
און טראָגען די שענדליכע קייט?!
ווי לאַנג וועט איהר גלענצענדע רייכטהימער שאַפען
פאַר דעם, וואָס בערויבט אייער ברויט?!

ווי לאַנג וועט איהר שטעהן אייער רוקען געבויגען,

ערניִדעריִגט, היִימלאָז פערשמאַכט!?
עס טאָגט! וואכט אויף! עפענט די אויגען!
ערקענט אייער אייזערנע מאַכט!

פריִיזיִגט די פריַיהייַט פון קאמפף־באַריִקאַדען!
ערקלערט די טיראַנען אַ קריִעג!
מוטה און ענטשלאָסענהייַט, בראַווע קאַמראַדען,
וועלען אייך פיִהרען צום זיִעג!

קיִיטען און טהראָנען, אלעס מוז פאַלען,
אונטער דעם אַרבּייִטערס שווערד!
מיִט דופטענדע בלומען, מיִט גאָלדענע שטראַהלען
וועט פריַיהייַט בעציִערען די ערד!

און אַלעס וועט לעבען, ליִעבען און בליִהען
אין פרייַהייַט'ס גאָלדענעם מאַי!
בריִדער, גענוג פאַר טיראַנען צו קניִען,
שווערט, דאָס איהר מוזט ווערען פריַי!

קליִנגט איבעראַל אין די פריַיהייַטס גלאָקען,
פערזאַמעלט די לייַדענדע קנעכט!
און קעמפפט בעגייַסטערט, קעמפפט אונערשראָקען
פאַר אייערע היִיליִגע רעכט!



## מיין פְריהְלִינְגס־לִיעד.

איך הער מען זינגט פון דער פריִהליִנגס־זאָנע,
פון דער זיִסער נאַכטיִגאַל,

און איך זעה נאר קאַלטע, פערפראָרענע הערצער
און הער קייטען־מוזיק איבעראַל...

וואָס איז מיר פריהלינג, וואָס איז מיר בלומען?
דאָס געניסט יעצט נאָר דער טיראַן!
ער לאָזט נאָר איבער די גיפטיגע דערנער
פאַר דעם אָרעמען אַרבייטסמאַן.

וואָס ווייס אַ שקלאַף פון דעם זיסען פריהלינג?
פאַר איהם איז נאָר שטורם און פרעסט,
נישט מיט געזאַנגען — מיט זיפצען און קרעכצען
איז פול יעדער אַרבייטער־נעסט!

עס וועט אויך קומען אַמאָל דעם אַרבייטערס פריהלינג,
דער פריהלינג פון פרייהייט און ליכט,
ווען אַ שטראַהל פון גליק וועט אויך פריילין שפּיעלען
אויף דעם אַרבייטערס בלאַסען געזיכט!

ווען אויך פאַר איהם וועלען בליהען די ראָזען
און זינגען די נאַכטיגאַל,
און זיס וועלען רוישען די גרינע וועלדער,
און דער זילבערנער וואַסערפאַל.

ווען אויך דעם אַרבייטערס פרויען און קינדער,
— און ניט דעם רייכענס נור —
וועלען געניסען דעם זיסען גן־עדן
דער שענער, דער רייכער נאַטור!

ווען יעדעס מענשליכעס הערץ וועט בליהען
מיט ליעבע, מיט הומאַניטעט!
אַך, יענעם פריהלינג וועל איך בעזינגען
שוין ניט ווי אַ טרערען־פּאָעט!

איך וועל איהם בעגריסען, ווי די ערשטע ליעבע
אַ ליעבענדעס הערץ בעגריסט,
איך וועל איהם בעזינגען, ווי עס קען נאָר בעזינגען
אַ דיכטער און סאָציאַליסט!

איך וועל איהם בעגריסען, און וועל גערן קושען
זיין יעדען היילינען טריט...
און אין יעדעס הערץ וועט אָפּקלאַנג געפינען
מיין ליעבע, מיין פריהלינגס-ליעד.



## צו די וואהרהייט.

היילינע וואהרהייט, איך בעגריס פון מיין הערצען
דיין קומען אויף אונזערער וועלט,
וואו דאָס פאָלק איז פערזונקען אין עוויגע שמערצען,
וואו עס הערשט נאָר פאַלשקייט און געלט.

קום, בעלייכט מיט דיינע הימלישע שטראַהלען
די שרעקליכע פינסטערע נאַכט,
וואו טויזענדע מענשען אונשולדיגע פאַלען
אין קאַמפף מיט דער טיראַנישער מאַכט.

קום, ערקלער אונז מיט ליעבע און קלאָרהייט,
ווי שענדליך עס איז שקלאַפעריי,

און נאָר דורך דעם קאַמפּף פאַר ליעבע און וואָהרהייט
קען דאָס פאָלק ווערן גליקליך און פריי.

בעגייסטער, פעראייניג דיינע אָרעמע ברידער,
הייב אויף דעם געפאַלענעם קנעכט!
צעברעך זיינע קייטען, בעפריי זיינע גליעדער
און גיב איהם דאָס מענשליכע רעכט!..



## צו די גענאָסען.

די נאַכט איז פינסטער, מען זעהט נישט קיין שטערן...
דער הימעל איז שוואַרץ ווי די ערד,
ווילד רוישט דער ים פון מענשליכע טרערן,
עס הערשען נאָר הענקער און שווערד —

די וואָהרהייט ליגט עלענד, אין קייטען געשלאָסען,
פערוואונדעט פון שרעקליכען פיינד.
אָה, וואַהרהייט! וואו זינד דיינע טרייע גענאָסען?
וואו זינד דיינע עהרליכע פריינד?

וואָרום קומען זיי נים היילען דיינע בלוטיגע וואונדען,
און טהון זייער מענשליכען פפליכט?
איז דען אויף עוויג די זאָנע פערשוואונדען,
פערלאָשען איהר הייליגעם ליכט?

איז דען די גייסטיגע מענשהייט געשטאָרבען —
עס לעבען נאָר הענקער און קנעכט?
און אַלעס וואָס העסליך איז, שמוציג, פערדאָרבען,
נאָר דאָס האָט צו לעבען דאָס רעכט?

ניין, ברידער, איך קען ניט, איך וויל דאס ניט גלייבען!
מיר זענען פערמאטערט פערשקלאפט,
אין שטיינען פערצאמט, ווי געפאנגענע לייבען,
אָבער דאך איז ניט טוידט אונזער קראפט!

דיעזע מענשליכע קראפט קען נאך וואונדער בעווייזען,
ווען דער שטורם ערוועקט אונזער גייסט,
ווי מיט צויבער צערשמעטערט די שטיינער און אייזען,
אויף שטיקער די קייטען צורייסט!

דער קען ניט די האפנונג אויף פרייהייט פערליערען,
וועך עס וויים די געשיכטע דער וועלט.
נאר אין דער פינסטערניש קענען רעגירען
געוואלד־טהאטען, שווינדעל און געלט.

דאך ווי עס קומט נאר דער ליכטיגער מארגען,
איז העגקער און טהראן אין געפאהר,
אלעס שלעכטעס, וואס איז אין דער פינסטער פערבארגען,
ווערט דעם פאלק דאן פערשטענדליך און קלאר,

עס ברעכען די קייטען, עס פאלען די טהראנען,
עס רעגירט נאר דער פרייער פערשטאנד.
מען ברויכט ניט קיין בלוט־הונד, מען דארף ניט קאנאנען,
ליעבע און עהרע בעוואכען דאס לאנד.

און ווען איהר האט האפנונג, פערליערט ניט די וואפען,
וואס קענען אייך פיהרען צום זיעג,
פערליערט ניט די וואהרהייט, זי קעמפפט פיר די שקלאפען,
פיר מענשליכע פרייהייט און גליק!

זעהט, ווי די וואהרהייט איז עלענד, בעגאסען
מיט טרערען, א בלוטיגער טייך —

קומט צו איהר, רעטעט זי, ברידער, גענאָסען!
זי קעמפפט און זי בלוטעט פאַר אייך!



## וואָהרע און פאַלשע העלדען.

שרייבער, רעדנער, פילאָזאָפען,
פיר דען גרויסען הייליגען צוועק —
צו בעפרייען אַלע מענשען,
שיטען ווערטער גאַנצע זעק.

מאַנכע האַנדלען אויך מיט ווערטער
און פערקויפען זיי דער וועלט —
איינער פאַר אַפּלאָדיסמענטען
און דער אַנדערער פיר געלד.

דאָך דער וואַהרער זאָהן דעס פאָלקעס
ניט צום וואָרט — ער גרייפט צום שווערד,
און פיר זיינע ברידער שקלאַפען
קעמפפט ער מוטהיג ווי אַ העלד!

און ער זוכט קיין מאָנומענטען,
קיין פערזענליכען ערפאָלג;
גערן ליידעט ער און בלוטעט —
אַלעס, אַלעס פיר דאָס פאָלק.

פיינדע וואַרפען אין איהם שטיינער,
פון איהם לאַכט דער זאַטער נאַר;
דאָך דער העלד געהט אימער פאָרווערטס,
אימער פאָרווערטס אין געפאַהר —

אין זײַן האַנד די פרײַהײַט׳ס־פאָהנע,
אין זײַן ברוסט אַ וואַרעמעס הערץ
פול מיט ריינע מענשען־ליבע,
פול מיט טיעפען האַס און שמערץ!

אין דער שוואַרצער נאַכט און שטורם,
ווי אַ שענער זאָנען־שטראַהל,
בליצט און שײַנט פאַר זײַנע אויגען
זײַן געליבטער אידעאַל...

קעמפּפענד שטאַרבט ער פאַר די מענשהײַט
און זײַן קבר בלײַבט אַלײַן —
בלײַבט אַלײַן, אָהנע שענע בלומען,
אָהן אַ רײַכען מאַרמאָר־שטײַן...

* * *

דאָך עס קומען שוין די צײַטען,
ווען דאָס פרײַע פאָלק דער וועלט
מאַכט אונשטערבליך איהרען וואַהרען
זעלבסטבעוואוסטען מענשען־העלד...

און פון אַלע פאַלשע העלדען
פון געזיכט די מאַסקע פאַלט,
און זיי צײַגען זייער שוואַרצע,
זייער העסליכע געשטאַלט...

דאַן מיט שאַנדע שטירצען ניעדער
אַלע שמוטציגע פיגמעען,
עוויג לעבט דער וואַהרער קעמפּפער
פיר די הייליגע אידעען!



# דער אָוועגד גלאָק.

(פריי נאָך נאַדסאָן).

אָה, מוזע, רוף מיך ניט! מיט דיינע צויבער־פינגער
וועק ניט די סטרונעס פון מיין קראַנקעם הערץ! —
פער'משפּט איז צום טוידט דיין בלאַסער זינגער,
צו ענדע איז דאָס ליעד פון קאַמפּף און שמערץ!

זיין וועג וואַר זעהר שווער. ער האָט אויף איהם בעגעגענט
דערנער, שטיינער, פערלייםדונג, הונגער, קעלט. —
עס האָט געבליצט, געדונערט און געדעגענט —
און ער האָט אָבדאַכ־לאָז געוואַנדערט אויף דער וועלט.

יעצט קלאַפּט דער טוידט אין זיין לעבענס־קאַמער,
ער זאָגט: צו ענדע איז דיין אַרבייטס־טאָג!
פערלעש דיין פייער. לעג אַוועק דיין האַמער!
קום! דו הערסט?... עס קלינגט דער אָוועגד־גלאָק!

עס קלינגט דער אָוועגד־גלאָק! יאָ, איך הער איהם קלינגען,
מיין טאָדעס־אורטייל הער איך אין זיין קלאַנג. —
און לעבען ווילט זיך... ס'ווילט זיך טרוימען, זינגען,
קעמפּפען געגען יעדען שקלאַפען־צוואַנג!...

איך וואָלט געוואָלט, אָה, פאָלק! דיין רויטען זעגעל
נאָך מאַכען רויטער מיט מיין הערצענס־בלוט...
און, ווי אַ לייב מיט זיינע שאַרפע נעגעל,
דיין פיינד בעקעמפּפען מיט שטאָלצען העלדען־מוטה!

דאָך, וואָס נוטצען די היילינגסטע פערלאַנגען!
צו ענדע איז מײַן לעבענס שטורם־טאָג! —
צו ענדע — טרוימען, טרערען און געזאַנגען,
עס רופט דער טוידט, עס שלאָגט דער אָווענד־גלאָק.



# די פרייע הארפע.

א. ליעסין, מ. ראזענפעלד,
ש. ראפפאפארט און אנד.



## אויס׳ן ווייטען צפון.

אין לאַנד, וואו עס קייקעלט די לענא,
איהר מעכטיגען וואַסער דעם קאַלטען,
דאָרט שטעהט זיך אַ קליינינקע יורטע
אין אייביגע שנייען בעהאַלטען.

זי שטעהט דאָרט אַ שפּיעל פאַר׳ן שטורעם,
פערוואָרפען אין מיטען דעם פעלד;
דאָרט שמאַכטעט אין שרעקליכען עלענד
אויפ׳ן שטערבענדען בעטעל דער העלד.

עס ציהט זיך אָהן ענדע דער חושך,
די שוואַרצע, די אייביגע נאַכט;
עס ציהט זיך אָהן ענדע דער ווינטער
אין ווילדען, אין העלישען מאַכט.

עס ציהט זיך די לאַנגע אַגאָניע,
דער קאַמפּף מיט דער שווינדזוכט אָהן סוף;
און ס׳מאַטערט דעם בלאַסען מאַרטירער
אַ שווערער אונרוהיגער שלאָף.

און ס׳חלום׳ט זיך איהם פון אַ פריהלינג,
וואו בלוי איז דער הימעל־געצעלט,
דאָרט איצט אין זיין היימאַטה, די ווייטע,
דאָרט שיינט זיך די זון אויף דער וועלט.

## די פרייע הארפע.

דאָרט שײַנט זיך די זון און זי וואַרעמט,
די ערד אַנ׳ערפרישטע ערוואַכט,
און ס׳בליהען די בוימער, די בלומען
אין פולען, אין הערליכען פראַכט;

און ס׳שיטען די מענשען אין דרויסען,
און ס׳אַטהעמט ערקוויקענד די ברוסט,
און ס׳פייערט דאָס לעבען זיין יום־טוב,
דעם יום־טוב פון ליעבע און לוסט.

בלויז איינע נאָר זיצט דאָרט פון ווייטען,
פערזונקען אין בענגשאַפט און שמערץ,
און ס׳נעהמט ניט קיין טייל אין דער שמחה
איהר יונגעס צובראָכענעס הערץ.

זי זיצט און זי טראַכט פון דער לענא,
פון דונקעלען צפון, דעם קאַלטען,
דאָרט שטעהט זיך אַ קליינינקע יורטע
אין אייביגע שנייען בעהאַלטען.

זי שטעהט דאָרט אַ שפיעל פאַר׳ן שטורעם,
פערוואַלגערט אין מיטען דעם פעלד;
דאָרט שמאַכטעט אין שרעקליכען עלענד
אויפ׳ן שטערבענדען בעטעל דער העלד...



## פון גאס.

דער פאָטער איז אַלט און פער׳שכור׳ט,
די מוטער איז קרייַנקליך און בייז,
די טאָכטער איז יונג נאָך און אַרבייַט
און אַרבייַט און שטיצט זיי דורכאויס.

און לאַנגוויַיליג ציהט זיך איהר לעבען
דורך מאַטערניש, אַנגסטען און פּיַין
אַלץ צווישען דעם שאָפּ און דעם טענ׳מענט —
אָהן פרייַדען, אָהן לופט און אָהן שיַין.

עס מאַכט אַלץ סקאַנדאַלען דער פאָטער,
די מוטער, זי שילט אַלץ און הוסט;
די טאָכטער, זי פיהלט זיך אין שטיַינעל,
און שמאַכטעט פון בענגשאַפט און לוסט.

זי האָט ניט קיין פרייַנד, קיין בעקאַנטע;
דער שפּיגעל נאָר איינער אַליין
דערצעהלט איהר אַמאָל א געשיכטע,
א חלום — בעצויבערענד שען.

זי זיצט בייַ דעם שפּיגעל און חלום׳ט;
זי זיצט פול מיט אומעט און שמערץ,
און וואַרט אַלץ אויף עפּעס און וואַרט אַלץ,
און ס׳רייַסט זיך אויף שטיקער איהר הערץ.

עס שטאַרבען — דער פאָטער, די מוטער,
די טאָכטער דערזעהט ערשט דעם שיַין,

און ווארפט זיך אַזוי ווי פֿער׳שכורט
אין שטורמישען לעבען אַריין.

זי ווארפט זיך און ווייס ניט קיין אָבהאַלט,
און ווייס ניט קיין רוה און קיין אָרט,
און קאָכענדיג טראָגט זיך איהר לעבען
אַליין צווישען די גאַס און דעם קאָורט*).

און ס׳פליהען די יאָהרען און פליהען,
און בייזער אַלץ געהט עס צו ענד;
דער קערפער, דער יונגער, ער וועלקט שוין;
דאָס האַרץ איז צוקריינקט און צוברענט.

זי האָט איצט פיעל פריינד און באַקאַנטע,
נאָר מעהר ניט דעם שפיגעל אַליין
פערטרויט זי איהר טרעהר און איהר עלענד,
איהר פאַלשען, איהר ביליגען חן.

זי זיצט ביי דעם שפיגעל און יאָמערט;
און פול מיט פערצווייפלונג און שמערץ
דערמאָנט זי איהר פינסטערע יוגענד,
און ס׳רייסט זיך אויף שטיקער איהר הערץ.



## אַהין, אַהין...

אַהין ערהויבט זיך וויַט מיין זעלע
אַרויף אין יענעם שענעם לאַנד,

*) געריכטס הויז.

וואו רייַן און מעכטיג שלאָגט די קוועלע
פון לויטער וואַהרהייַט און פערשטאַנד;

וואו העל און מונטער געהט דאָס לעבען,
און פריי און שטרעבענד איבעראַל,
און שטאָלץ די הויכע גייַסטער שוועבען
אַנטקעגען שייַן פון אידעאַל;

וואו אימער פריהלינג בליהט די יוגענד,
און אימער מאָרגען שטעהט די צייַט,
ערפילט מיט העלדען-מוטה און טוגענד,
ערפילט מיט ליעבע און מיט שטרייַט;

וואו טיעף און הייליג איז דאָס פיהלען,
און גליקליך איז זאָגאַר דער שמערץ
און ס'וויים פון גרענצען ניט דער ווילען,
און ס'וויים פון אומעט ניט דאָס הערץ...



# אַנ'עקספּלואַטאַטאָר.

(אַ בילד פון רוססיש-אידישען לעבען).

דער קרעמערל זיצט אין זייַן קרעמעל —
דאָס הונדערטסטע קרעמעל אין גאַס;
ער זיצט און ער וואַרט אויף אַ סוחר,
אין דרויסען איז פינסטער און נאַס.

עס ווייַזען זיך זעלטען די סוחרים,
ער זיצט און ער שווידערט פאַר קעלט

און גענעצט, און חָלומ'ט חלומות,
און טראַכט זיך מכּה דער וועלט.

ער טראַכט וועגען מלכים און פעלקער
און וויים בײַ זיי אַלץ אויף אַ האָר,
דער קרעמער ער לעזט די „הַצפירה"
און זעהט די פּאָליטיק קלאָר.

און פלינק אויף די פליגלען פון רעיון
און שטאָלץ און אַ ביסעלע בייז,
ער טראָגט זיך אַריבער דעם „תּוגר",
דעם ענגעל, דעם דײַטש און פראַנצייז.

ער שוועבט אויף די גויאישע לענדער,
און טיילט זיי אַלץ צרות און שלעג,
און ביז באַראָן הירש'ס אַרגענטינען —
דאַן שטעלט ער זיך היציג אַוועק.

דאַן שטעלט ער זיך היציג; עס קלאַפּט אידם
אין מוֹהַ די שאַרפסטע קריטיק,
ער טראַכט זיך: „ווען איך באַראָן הירש בין,
דאַן וואָלט עס געלונגען אַנטיק.

איך וואָלט שוין געהאַפּט דעם אינטערעס,
זיי וואָלטען די נעגעל געקײַט,
און טאַקי אַ אידישע מלוּכה
געגרינדעט אין איינציגע צײַט".

אַ אידישע מלוכה, רבּותים,
צי קענט איהר גרונדיג פערשטעהן?
דאָס הייסט דאָך אַ מלוכה פון גאונים,
אַ מלוכה פון מלכים אַליין!

אַ אידישע מלוכה, רבותים,
דער קרעמער שפּרינגט אויף פון זיין באַנק,
צורודערט, צורייצט און צופלאַקערט
פון גרויסען, פון שטאָלצען געדאַנק.

דאַן פּלוצלונג בעוויַזט זיך אַ סוחר,
אַזוי ווי אַנ'אַרבעס די גרויס,
און בעט פאַר אַ קאָפּיקע פוטער,
און שלאָגט איהם פון ענין אַרויס.

עס גענעצט און גענעצט דער קרעמער
און שוידערט נאָך שטאַרקער פאַר קעלט,
און אָבהענדיג בלייבט ער און טרויעריג
און ס'ווערט איהם פער'מיאוסט די וועלט.

ער זיצט און ער טראַכט וועגען לעבען,
ווי נאַריש עס געהט אויף דער ערד;
ער טראַכט וועגען הבל הבלים,
ווי אַלץ איז קיין פּרוטה נישט ווערטה.

„אַך, אַלץ איז נאָר וויסטע הלומות,
נאָר אומעט אומזיסטע און שמערץ!"
— אַ קרעכץ רייסט אַרויס זיך ביים קרעמער
אַ טיעפער, אַ ביטערער קרעכץ.

„געדעכט איז געווען טאַקי שלמה,
פון טויזענדע וויַבער דער מאַן;
נאָר גט'ן דאָס איינציגע וויַבעל
איז ווידער דאָך אויך ניט קיין פּלאַן.

זי שילט, די אַרורה, און שילט אַלץ,
און האַלט נאָר דורכאוים אין געשריי! —

געֶרעֶכט איז געֶוועֶן טאַקי שלמה,
און איך וואָלט געֶוועֶן אויך אַזוי.

איך וואָלט פֿילאָזאָפֿיש געֶזעֶסעֶן
בהרחבה אויפֿ'ן נאָלדעֶנעֶם טהראָן,
און וואָלט מיר געֶשריבעֶן קהלת,
און וואָלט מיר דאָס מייניגעֶ טהאָן.

אַך, וואָלט איך אַ קעֶניג געֶוועֶן נאָר!"
דעֶם קרעֶמעֶר הויבט וויעדעֶר פֿון באַנק
און ס'שמייכעֶלט איהם ליעבליך און וואַרעֶם
דעֶר שעֶנעֶר, דעֶר שטאָלצעֶר געֶדאַנק.

די בלאַסעֶ, פֿעֶרלאָשעֶנעֶ אויגעֶן
זיי צינדעֶן מיט פֿלאַמעֶן זיך אָן —
וואו נעֶהמט מעֶן, רבותים, דעֶם כּחַ
די מעשים די גרויסעֶ צו טהאָן.

„אַך, וואָלט איך אַ קעֶניג געֶוועֶן נאָר,
איך וואָלט שוין געֶוואוסט פֿון אַ טאָלק;
איך וואָלט אָט געֶמאַכט פֿון די אידלאַך
אַ רעֶכטעֶס, אַ העֶלדישעֶס פֿאָלק!

איך וואָלט זיי צוזאַמעֶנגעֶנומעֶן
פֿון אַלעֶרליי עֶקעֶן דעֶר וועֶלט
און וואָלט זיי בעֶגייסטעֶרט מיט גבורה
און העֶרליך צום קריעג אויסגעֶשטעֶלט.

עֶס שרייט ניט קיין לייב אין זיין צאָרן,
דעֶרשרעֶקעֶנד די וויסטעֶניש ווייט;
דאָס שאַלט אין דעֶר לופֿטעֶן דעֶר אויפֿרוף
צום לעֶצטעֶן, צום גרויזאַמעֶן שטרייט.

עס רײַסט ניט קײן מעכטיגער שטורעם,
געוואַלטיג און פורכטערליך בײז;
דאָס לאָזט זיך דער אידישער היל,
דאָס שפאַנען די העלדען אַרויס.

עס ציהט ניט קײן פינסטערער וואָלקען,
פערדעקענד דעם שײַן פון דער ערד;
דאָס טראָגט זיך אַ שטויב אַ געדיכטער
פון הונדערטער טויזענדער פערד.

עס טראָגט זיך די גרויזאַמע מהנה,
אין ראָטעס, אין פאָלקען צושטעלט;
עס טראָגט זיך פאָראויס זײ אַנ'אימה,
עס פלאַטערט די קריסטליכע וועלט!"

דאַן פלוצלונג בעווײַזט זיך אַ סוחר,
אַזוי ווי אַנ'אַרבעס די גרויס,
און בעט פאַר אַ קאָפּיקע הערינג
און שלאָגט איהם פון ענין אַרויס.

עס זעהען פון ווײַטען דעם לײזונג
די הונדערטער קרעמער אין גאַס,
און פרעסען עס אויף מיט די אויגען,
מיט אויגען פון קנאָה און האַס.

די קרעמער זײ זעהען ניט אָבער,
ווי מיעד, ווי פער'חלשט און שווער,
ער זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקעל
און שלינגט אַליין אַ טרער נאָך אַ טרער.





# אין שאפּ.

עס רוישען אין װאַרק־שאַפּ*) זאָ שטאַרק די מאַשינען,
אַז אָפטמאָל אין טומעל פערליער איך דעם זין;
איך װער אין זיך זעלבער פערזונקען, פערלאָרען,
מײַן „איך" װערט דאַן בטל — איך װער אַ מאַשין.
איך אַרבײַט, און אַרבײַט און אַרבײַט אָהן חשבון,
עס שאַפט זיך, און שאַפט זיך, עס שאַפט זיך אָהן צאָהל —
פאַר װאָס? און פאַר װעמען! איך װײס ניט, איך פרעג ניט —
װי קומט אַ מאַשינע צו דענקען אַמאָל?

ניטאָ קײן פערשטאַנד, קײן געפיהל, קײן געדאַנקען,
די ביטערע, בלוטיגע אַרבײַט דערשלאָגט
דאָס עדעלסטע, שענסטע און בעסטע, דאָס רײַכסטע,
דאָס טיעפסטע, דאָס העכסטע, װאָס לעבען פערמאָגט.
עס שװינדען סעקונדען, מינוטען און שטונדען,
גאָר זעגעל־שנעל לויפען די נעכט מיט די טעג;
איך טרײַב די מאַשין, גלײַך איך װיל זיי דעריאָגען,
איך יאָג זיי בעװאוסטלאָז — איך יאָג אָהן אַ ברעג.

דער זײגער אין װאַרק־שאַפּ, ער רוהט ניט אַפילו,
ער װײַזט אַלץ, און קלאַפּט אַלץ, און װעקט נאָכאַנאַנד.
געזאָגט האָט אַ מענש מיר אַמאָל די בעדײַטונג
פון זײַן װײַזן און װעקען — דאָרט ליעגט אַ פערשטאַנד.

*) װערקשטאַט.

נאָר עטוואָס געדענקט זיך מיר, ווי דורך א חלום:
דער זייגער — ער וועקט אין מיר לעבען און זין...
און נאָך עפּעס — איך האָב פערגעסען — ניט פרעגט עס,
איך וויים ניט, איך וויים ניט, איך בין א מאַשין.

און צייטענווייז, ווען איך דערהער שוין דעם זייגער,
פערשטעה איך גאַנץ אַנדערש זיין ווייזען, זיין שפּראַך;
מיר דאַכט, אַז עס נו'קעט מיך דאָרטען דער „אומרוה"
כ'זאָל אַרבייטען, אַרבייטען מעהרער, א סך,
איך הער אין זיין טאָן נאָר דעם באָס'ס*) ווילדען בייזער —
זיין פינסטערען קוק אין די ווייזער די צוויי,
דער זייגער — מיר סקרוכעט — מיר דאַכט, אַז ער טרייבט מיך,
און רופט מיך „מאַשינע" און שרייט צו מיר: „ניי!"

נאָר דאַן, ווען ס'ווערט שטילער דער ווילדער געטימעל,
אַוועק איז דער מייסטער אין מיטאָג-צייט-שטונד,
דאַן הויבט אָן אין קאָפּ ביי מיר לאַנגזאַם צו טאָגען,
אין הערצען צו ציהען, איך פיהל דאַן מיין וואונד,
און שמערצפאָלע טרערען און זודיגע טרערען
דורכווייקען מיין מאָגערן מיטאָג, מיין ברויט;
עס ווערגט מיר, איך קען ניט מעהר עסען; איך קען ניט!
אָ, שרעקליכע פּראַצע! אָ, ביטערער נויט!...

עס ערשיינט מיר דער שאָפּ אין דער מיטאָג-צייט-שטונדע
א בלוטיגער שלאַכט-פעלד; אין צייט ווען דאָרט רוהט
אַרום און אַרום, זעה איך ליגען הרוגים...
עס ליאַרמט פון ד'ערד דאָס אונשולדיגע בלוט
איין ווייַלע, און באַלד ווערט געפּויקט א טרעוואָגע,
די טרופּעס ערוואַכען... עס לעבט אויף די שלאַכט!

*) באָס — בעל-הבית.

עס פעכטען די טרוקענע ביינער — פאַר פרעמדע —
און שטרייטען, און פאַלען, און זינקען אין נאַכט...

איך קוק אויף דעם קאַמפף־פּלאַץ מיט ביטערע שמערצען,
מיט גרימיגע ראַכע, מיט העלישער פּיין,
דער זיגער — יעצט הער איך איהם ריכטיג — ער וועקט עס:
אַ סוף צו די קנעכטשאַפט, אַ סוף זאָל עס זיין!
יעצט מינטערט ער אויף מיין פערשטאַנד, די געפיהלען,
און וויַזט, ווי עס לויפען די שטונדען אַהין,
איך בלייב אַ פערשקלאַפטער, זאָ לאַנג איך וועל שווייַגען —
אונגליקליך, — זאָ לאַנג איך בלייב, וואָס איך בין...

* *

*

„דער „מענש", וועלכער שלאָפט אין מיר, הייבט אָן ערוואַכען,
דער „קנעכט", וועלכער וואַכט אין מיר, שלאָפט, דאַכט זיך, איין,
אַצונד איז די ריכטיגע שטונדע געקומען;
איין ענד צו דעם עלענד! אַ סוף זאָל עס זיין!
נאָר פּלוצלונג דער „ויסעל", דער באָס, אַ טרעוואָגע,
איך ווער אָן דעם שכל, פערגעס וואו איך בין,
עס טומעלט — מען קעמפפט — אָ, מיין „איך" איז פערלאָרען,
איך וויים ניט, מיך אַרט ניט, איך בין אַ מאַשין...



# דער בלינדער בעטלער.

אין גרענד סטריט ניט וויַט פון סאָקער־שטיין'ס סטאָר
זיצט טעגליך אַ בלינדער מיט גרוי־לאַנגע האָר.
גאַנץ טיעף אין זיין פנים האָט, קענטיג, די נויט

דאָס שרעקליכסטע אויסגעקריצט: „שײנקט מיר אויף ברויט“.
ער זיצט דאָרט און קרעכצעט פערדונגערט און מיעד,
און שפּיעלט אויף זײַן פּיעדעל אַיין אונמוטהיג ליעד.

און יעטוועדער סטרונע, וואָס ער גיט אַ דריק,
און יעטוועדער מאָל וואָס ער ציהט מיט'ן סמיק —
דערהערען זיך טענער געמישט מיט געווײן,
וואָס קענען צונעהמען אַ הערץ פון אַ שטײן —
דער אָרעמער שפּיעלט דאָרט אין ווינד און אין שטויב;
זײַן פּיעדעלע קרעכצט ווי אַ וואונדיגע טויב...

אי הערען, אי דאַמען שפּאַציערען דאָרט פּיעל,
זיי ווייסען גאַנץ גוט, וואָס דער עלענדער וויל,
זיי הערען זײַן ביטערען זיפץ, זײַן געוויין,
און ווייסען, אַז דאָ טאָר מען בעטלען ניט געהן...
דאָך בלײַבט בײַ זיי קאַלט און פערפראָרען די הענד,
די הענד און די הערצער, זיי גיבען קיין סענט.

אָ, מענשען! — דער בלינדער, וואָס זיצט דאָרט אַצינד—
זײַט ווייסען, איז ניט פון געבאָרענהײַט בלינד;
ער האָט, ווי מיר אַלע, די ליכטיגע זון
געזעהן, און געהאַט אַ מאָל נחת דערפון,
ער האָט אין אַ קוילען־גרוב צו לאַנג געשאַפט,
און דאָרטען פערלאָרען זײַן שײַן און זײַן קראַפט.

אָ וועה! ווער עס האָט נאָר אין דעם אַ בעגריף!
אָהן לופט און אָהן ליכט, אין דער ערד דאָרטען טיעף
צו שאַפען, צו לײַדען, צו זײַן דאָרטען נאָר,
אָ, דאָרט, וואו דאָס לעבען הענגט נאָר אויף אַ האָר —
דער ווייס, דאָס ווען אונז איז דאָ וואַרעם און גוט,
דאַן וואַרעמט אונז מענשליכע קנאָכען און בלוט...

ווען העל אײער פֿײַערל פֿינקעלט און בליצט,
ווען אײנזאַם און וואַרעם אין צימער איהר זיצט,
בעטראַכט איהר ווען, מענשען, אין גליהענדען זשאַר
מיליאָנען געזיכטער צולעכערט און דאַר?
דאָס זענען בעגראָבענע גרעבער אַ ים;
דאָס שוועבט זייער שאָטען בײַ אײַך אויף דעם פֿלאַם.

אָ, פֿרעסער! ווען בלוטיג איהר בײַסט מיט די צייהן
די פֿליישען, געקאָכט מיט די בערג־לײַט'ס געביין,
בעמערקט איהר די פֿאַרע, וואָס שטײַגט אין דער לופֿט?
דאָס איז פֿון פֿערשאָטענע גרעבער דער דופֿט;
דאָס זענען די אָטהעמס די לעצטע פֿון די,
וואָס האָבען אין מינעם געאָפּפֿערט אײַך מיה.

אין יעטוועדער שטיקעלע, פֿיצעלע קויהל,
בעטראַכט איהר אין פֿײַער אַ גליהענדע מויל?
איהר הערט, ווי עס זיפֿצט, ווי עס קרעכצט, ווי עס בעט?
איהר הערט, ווי עס ליאַרעמט, עס פֿילדערט, עס רעדט?
איהר הערט, ווי עס גוואַלטעוועט, הונערט און שרײַט:
„מיר זענען פֿערלאָרען געוואָרען אָהן צײַט!"?

צו דיעזע פֿערברענטע דורך בלוטיגער האַנד —
געהערט אויך דער אַלטינקער גאַס־מוזיקאַנט.
פֿרובט זוכען אין די אַש, אָ, דאָרט איז נאָך פֿאַראַן
די גליהענדע אויגען פֿון עלענדען מאַן,
אָ, זעהט, ווי זיי קוקען אַרוס פֿון דעם זשאַר
און ווינקען: נאָך ראַכע, נאָך ראַכע דערפֿאַר.

* *

*

אין גרענד־סטריט ניט ווײַט דאָרט פון סאָקער־שטײַנ׳ס סטאָר
זיצט טעגליך אַ בלינדער מיט גרוי־לאַנגע האָר.
גאַנץ טיעף אין זײַן פּנים האָט, קענטיג, די נויט
דאָס שרעקליכסטע אויסגעקריצט: „שײַנקט מיר אויף ברויט”!
ער זיצט דאָרט און שפּיעלט דעם געוואַלדיגסטען שמערץ,
דאָך זעלטען ווען ריהרט עס אַ מענשליכעס הערץ.



# די ליכט פערקויפערין.

אין העסטער סטריט נעבען אַ טעלעגראַף־סלופּ,
איין אָרימע פרוי זיצט דאָרט גלײַך צו אַ טרופּ;
אַ בײַנערנער פּנים, און בלײַך, ווי דער טויט,
דאָך קענטיג די באַקען געוועזען אַמאָל רויט;
נאָר וואוילטאָג, און פרײַנדשאַפט, און ליעבע, און פּראַכט,
זיי האָבען געוויס דאָס נישט חרוב געמאַכט.
זי זיצט דאָרט, די בלײַכע, פון ווײַנען האַלב־בלינד,
איהר ברוסט ציהט אַ דאַר׳ס, פערמאָרעטעס קינד,
דאָס זויגט, און דאָס ווײַנט, און דאָס שלאָפט, און מיט וועה
שפּרינגט אויף דאָס סקעלעט׳ל פון מאַמאַ׳ס געשריי:
„קויפט, ווײַבערלעך, ליכטעלעך, דרײַ פיר צוויי סענט,
אויף מיר אַזאַ מזל, ווי ליכטיג דאָס ברענט”.

איהר סחורה איז ווינציג, איהר קערבעלע — קלײַן,
דאָך שטענדיג ערנעהרט זיך די שוואַכע אַלײַן.
אין שניי און אין רעגען, אין פראָסט און אין ווינד,
די אָרעמע אידענע זיצט מיט איהר קינד.

זי האנדעלט און האנדעלט אין צער און אין נויט,
דאך האט זי קיין היים, און קיין קלייד, און קיין ברויט;
און אויסער דעם סלופ אט דעם שטומען, מיר שיינט,
פערמאגט זי קיין קרוב, קיין נאהענטען פריינד,
דאך האטש זי איז עלענד, פערלאזען און קראנק,
פערלאנגט זי פון קיינעם, און בעט קיין געשאנק;
מיט שבת־ליכט האנדעלט זי, זא ווי איהר זעהט,
די זעלבע צו קויפען, איז אלץ, וואס זי בעט.

לכבוד דעם שבת, דעם הייליגען גאסט,
לויפט יעדער אין מארק מיט א שמחה, מיט האסט,
עס טומלען זיך מענשען אהער און אהין,
דאך ליגט די פער'חושד'טע קיינעם אין זין.
ווער דארף איהרע ארעמע ליכטלעך, די פאר?
נאך פליייש, און נאך פיש, און נאך ווין לויפט מען נאר.
די שוואכע שטעלט אויס איהרע מאגערע הענד:
„קויפט, וויבערלעך, ליכטעלעך, דריי פיר צוויי סענט״,
דאך, ווער הערט איהר רעדען? — פערלארען ווערט דארט
איהר שטימע די שוואכע, מען הערט ניט א ווארט!
א הויך די יתומה, די קליינע אין שוים —
זי הערט מאמא'ס שרייען, דאך וואס קומט ארויס?

מיט וואס האט דען אייגענטליך, זאגט מיר גענוי,
געזינדיגט די ארעמע עלענדע פרוי?
דען טראגט זי נאך מעהרער פערברעכענס, א זאגט,
א הויך איהר געוואלדיגע נויט, וואס זי טראגט?
איז טאקי איהר איינציגע שולד געגען איך
נאר דאס, וואס זי וויים ניט דעם סוד צו זיין רייך?
קיין אנדערע זינד — וויים איך — האט זי ניט — אך!
הו פינסטערער דלות! הו שרעקליכע זאך!

אָ, אָרעמקייט, עלענדקייט, איהר זייט אַצינד
די גרעסטע פערברעכענס, די גוואַלדיגסטע זינד,
דורך אייך שטאַרבען טויזענדע מענשען אין נאַס,
איהר מאָרד־אינסטרומענטען פון הערשענדען קלאַס!..

איך בעט אייך: ווי לאַנג וועט נאָך האַנדלען אין גאַס
די עלענד־געבליבענע, קראַנקלעך און בלאַס?
ווי לאַנג קען זי ליידען נאָך הונגער און נויט,
זיך ראַנגלענדיג רק מיט דעם שרעקליכען טוידט?
ווי לאַנג, אָ, ווי לאַנג וועט דאָס אָרימע ווייב,
נאָך שפּייזען דעם נפש, וואָס ליגט ביי איהר לייב?
אַמאָל פלעגט דאָס קינד האָטש דערשלינגען אַ טרער,
דאָך איצט — מאַמאַ׳ס אויגען, — זיי וויינען ניט מעהר...
ניטאָ מעהר קיין טרערען, דער מוח איז לער,
דאָס הערץ איז צובראָכען, דער אָטהעם איז שווער;
די ליפּען נאָר מורמלען נאָך קוים אוים מיט וועה:
„קוימט שבת־ליכט, ווייבערלעך, קוימט האָטש אַ צוויי״.

אין העסטער־סטריט, שטיל און פערלאָזען, אַליין,
אַ יתום׳ל שטעהט דאָרט, אַ קערבעלע קליין,
דערביי זיצט אַ קאַלטער, פערגליווערטער טרופּ, —
די אָרעמע סוחר׳טע נעבען אַ סלופּ.
דערווייַלע האָט קיינער בעמערקט נאָך דעם מת,
עס זענען די רייכע פערטהון מיט דעם פרעס;
הייַנט ווער רעדט די פרומע, די כשר׳ע לייט,
זיי האָבען געווים ערב־שבת קיין צייט.
אַזוי איז די סצענע אַוועק ניט בעטראַכט,
ביז לאַנגזאַם און שטיל איז געקומען די נאַכט,
געקומען איז אויך, פון דעם הייליגען זבול,
די בת־מלכּה שבת, איצט געהט מען אין שול.

אין שול איז איצט ליכטיג, און ציכטיג, און פיין,
דער חזן זינגט זיס, אלע הערען זיך איין,
דאך וואס איז די מנורה אזוי ווי אין טרויס?
די ליכט, וועלכע שטעקען דארט, שמינקלען זיך קוים!..
די ליכטעלעך — זיי זענען דאך, ווייסטו עס ניט?
דער כרוי'ס, וואס איז פריהער געשטארבען אין סטריט.
דאס האבען די רייכע, די פרומע געבראכט,
סאר איהר מיט איהר קינד דא צו ברענען די נאכט. —
די רייכע, די פרומע זיי ווייסען די פפליכט,
זיי צינדען דאס אן דער געשטארבענער'ס ליכט,
די רייכע, די פרומע, וואס ארט זיי א גוף?
נשמות — דאס, זעהט איהר, דאס הייבען זיי אויף...

א, הייליגע ליכט! איהר זענט עדות אצינד,
די נויט האט דערשלאגען דא מוטער און קינד,
אז דא, וואו מיליאנען פערנוצט מען צום שפאס,
דא לאזט מען פערהונגערען מענשען אין גאס.
אויף כבוד, אויף לוקסוס וואו גאלד ווערט פערוועגדט,
איז פיר דעם געדריקטען פערשלאסען די הענד.
בעהאלט אייער פלאם, א, איהר הייליגע ליכט!
ביז יענעם אלמעכטיגען טאג פון געריכט!
און דאן פאר גערעכטיגקייט'ס הימלישען טהראן,
איהר ריינע נשמות־ליכט, דאן צינדט זיך אן!
און זאל אייער פלאם זאגען עדות אויף דעם!
און זאל ער פערדארבען דאס פאלשע סיסטעם!





# דער שנײַדער.

די שטוב איז קלײן, די שטוב איז אַלט,
אין יעדען װינקעל מיסט און קױט.
ס'איז פינסטער, אומעטיג און קאַלט,
אַ קראַנקער שנײַדער זיצט און נעהט.

דער שנײַדער נעהט,
די נאָדעל געהט,
דער מוח דרעהט,
ס'איז גרױס די נױט,
ניטאָ קײן ברױט, ניטאָ קײן ברױט.

* *

*

דאָס פּנים געל, פערצאָגט, פערטראַכט,
די נאָדעל רודערט טאָג און נאַכט,
פון צײַט צו צײַט אַ פוסטער הוסט
דאַלט אויף די האַנד, רײַסט אויף די ברוסט.

דער שנײַדער נעהט,
די נאָדעל געהט,
דער מוח דרעהט,
ס'איז גרױס די נױט,
ניטאָ קײן ברױט, ניטאָ קײן ברױט.

* *

*

אין שטוּב איז אוּמעטיג און פּוּסט,
פון וויעג אַ זיפץ, פון בעט אַ הוּסט,
אַ קליינעם לעמפּעל ברענט זיך שוואַך,
אַ דראָבנער רעגען קלאַפּט אין דאַך.

דער שניידער נעהט,
די נאָדעל געהט,
דער מוֹהַ דרעהט,
ס'איז גרויס די נויט,
ניטאָ קיין ברויט, ניטאָ קיין ברויט.

* *

*

„וואָס טהוּסט דוּ, שניידער, אויף דער וועלט?"
„איך לעב"... אַ שוידערליכע קעלט
גיעהמט אָן ביים האַרץ, פערפלוּכטע נויט!
אַז דוּ הייסט לעבען, וואָס איז טויד?!

דער שניידער נעהט,
די נאָדעל געהט,
דער מוֹהַ דרעהט,
ס'איז גרויס די נויט,
ניטאָ קיין ברויט, ניטאָ קיין ברויט.



# מײַן ליעד.

מײַן ליעד איז געװעבט פון טרערען און שמערץ,
איך שרײַב עס מיט בלוט, װאָס עס טריפט פון מײַן הערץ.
איך װאָלט עס ניט זינגען, ד'װאָלט רוהיג געשװיגען,
װען איך װאָלט קענען מײַן אומעט פערװיגען...

* *
*

הערסט, װער ס'צוגיסט זיך מיט קלאָג און געװײן?
דאָס יאָמערט דאָס עלענד, דאָס עלענד אַלײן...
אין װאונדען... מיט לומפּען אין גאַנצען בעדעקט,
מיט בלוט און מיט בלאָטע אין גאַנצען פערפלעקט,
מיט שרעק, מיט רחמנות קוקט ער אַרום,
פון דחקות, פון הונגער — ער שטאַרבט, ער געהט אום...

* *
*

שטילע קרבנות — זײ פאַלען, װי פליגען:
יאָהרען געליטען און יאָהרען געשװיגען!..
געפאַלען אָהן כּחות, צובראָכען, צומאַלען...
פון הונגער פערגאַנגען, פון הונגער געשװאָלען.
עס װײנען יתומים, עס װײנען אַלמנות.
זעהט װער טרערען דען? האָט װער רחמנות?

* *
*

די רײַכע, די זאַטע, די רוהיגע מהות,
װאָס אַרען זײ טרערען און בלוטיגע ליהות?
װאָס אַרט זײ דער ברודער, װאָס טרינקט זיך אין בלוט,
אַז זײ לעבט זיך רוהיג, אַז זײ לעבט זיך גוט...

פערפאלענע זיפצען, פערלארענע טרערען,
שטיינערנע הערצער וועלען ווייכער נישט ווערען!

* *
*

מיין ליעד איז געוועבט פון טרערען און שמערץ,
איך שרייב עס מיט בלוט, וואס עס טריעפט פון מיין הערץ.
איך וואלט עס ניט זינגען, כ'וואלט רוהיג געשוויגען,
ווען איך וואלט קענען מיין אומעט פערדריגען...



## דער קבר.

(אוים ניקיטין).

דער קבר איז פארטיג, דער קבר איז אפען.
א לעבען אהן פרייד, א לעבען אהן האפען,
א לעבען פון אומעט און ביטערע נויט,
א לעבען פון צרות, פון פיין און פון לייד —
א לעבען אהן ליעבע, אהן גליק און אהן מאכט,
א לעבען — א שטילע, א פינסטערע נאכט...
טרויעריג ביזט דו זיך נעבעך געגאנגען
און, ווי אין מדבר א פייער, פערגאנגען...
שלאף־זשע איין רוהיג, מיין ביטערע דאליע!
א דירה א ענגע, א דירה א שמאלע...
עטליכע ברעטער, עטליכע שטיינער. —
און אויף גאט'ס וועלטעל ט'פעהלען נאר איינער,
א נפש א שטילער, א נפש א קליינער.
דער היזק ט'קיינעם ניט טשעפען, ניט רידרען,

אויפ'ן קבר ט'קיינער קיין טרער ניט פערלירען.<br>
ס'הערט זיך פון ווייט'ן אַ פייגעלע זינגט,<br>
די ווינט און צוגיסט זיך און יאָמערט און קלינגט.<br>
פייגעלע, שטילער! קיין לידער, קיין טרערען!<br>
חער ס'ליגט שוין אין קבר ט'ניט לעבעדיג ווערען!



# די זאַקענמאַכערקעס.

אוי, אַ קלוגע וועלט איז היינט,
מיידעלאַך, געוואָרען!
ניט ווי אין דער באָבעס צייט,
אין די אַלטע יאָהרען.
קונציג ווערען היינט געמאַכט
אַלע פּראָסטע זאַכען,
אויסגעקלערט מאַשינדעלאַך,
אוי, אין אַלע פאַכען.
לאָז אַראָב די אויגעלאַך,
אַלטע באָבע האָרע, —
דיינע ליבע פרענטעלאַך
זענען שוין אויס מאָדע.
קום אַריין צום איינזקעל
דאָ אין מאַסטערסקאַיע:
גאָר הדושים וועסטו זעהן,
פרענטעלאַך גאָר נייע.
פּאָרקען יעדער אויגעלע
דאַרף מען ניט בעזונדער:
גיעב אַ רוק אַהין, אַהער —
פאַרטיג ווערט אַ הונדערט.
אַ גביר צו זיין איז היינט
פּראָסט אַ פערגעניגען;
האָט ער אַ מאַשינדעלע,
קען ער שוין אַלץ קריגען.
האָט ער אַ מאַשינדעלע,
אוי, פון שטאָהל און אייזען, —

וואָס דאָס האַרץ געלוסט איהם נאָר,
קען ער שוין בעווייזען.
נאָר פיר אונז איז, שוועסטערקעס,
ניט געוואָרען גרינגער:
צי מיט די מאַשינדעלאַך,
צי מיט הוילע פינגער...
פון די נייע פרענטעלאַך,
קומט צו נייע שמאַרצען;
יעדער רוק און דרעה ביי אונז
קלאַפּט זיך אָב אין האַרצען.
ווי אין שטייג אַ פייגעלע,
איינגעשפּאַרט אין חדר,
צוגעשמידט צום בענקעלע
רוקען מיר כסדר.
ווייסען ניט פון לופט און שיין,
תמיד איינגעבויגען,
גריבער אין די בעקעלאַך,
פינסטער אין די אויגען.
הענטעלאַך און פיסעלאַך,
ברענען אונז ווי פייער,
אוי, איהר שענע זעקעלאַך,
אוי, קאָסט איהר אונז טייער!...



# די פאַבּריק.

עס אַרבּייטען הונדערטער, הונדערטער הענד,
ס'פייפען מאַשינעס און טרייסלען די ווענד;
ס'שטויסען זיך וואָלקענס אַרויף אין דער הויך
פון פינסטערע שטויבליך און ביטערן רויך.

עס אַרבּייט, עס אַרבּייט ווי טאָג און ווי נאַכט,
ס'האַמערט זיך רייכטהום און עהרע און מאַכט,
דורך מיה און דורך הונגער, דורך שווייס און דורך פּיין:
אָ, זאָג מיר, מיין פריינד, צי אַזוי דאַרף עס זיין?..

עס שטעהען דאָרט פּנים'ער בּלאַסע ווי קריידט,
וואָס שטאַרבּען פון אַרבּייט אַוועק פאַר דער צייט —
אַ דאגה — אַ קבר! — איז ווייטער אַ רוק,
די ערד האָט אויף קברים נאָך ערטער גענוג...

עס אַרבּייט, עס אַרבּייט, און ס'האָט ניט קיין צאָהל
די פּאַרטיגע אַרבּייט, וואָס ווערט מיט אַ מאָל,
נאָר ווער וועט זיי קויפען, געניסען זיי, ווער?
ניט דער, וועלכער אַרבּייט, מיין פריינד, אוי, נישט דער!..

דוד קאַסעל.



# דער פּראָלעטאַריער.*)

ניט קיין הויז, ניט קיין היים,
דאָס פערמעגען — שמאַטעס...
לעבּ־זשע לוסטיג אָהן זאָרג,
אַכט ניט אויף די לאַטעס.

מיט דעם רייכקייט דער גביר
קען ניט רוהיג שלאָפען,
און דער שלעפּער איז הויל,
זינגט זיך פרעהליך אָפען.

ער שפּאַצירט מיט געזאַנג,
און דער ווינד זינגט אונטער:
היט זיך, רייכע, פון וועג,
אָרעמקייט געהט מונטער.

קאָרן וואַקסט פיעל אַרום,
ס'נייגען זיך די זאַנגען;
טווישטשע, שלעפּער! דו וואַלד,
האָרך זיך צו די קלאַנגען!

ווילסטו — ווייןֹ, — ווילסטו — ניט,
ווער וועט זעהן דיין קלאָגען?
פאַל אַראָב נאָר ביי זיך,
וועט אַ הוהן דיך יאָגען.

---

*) פון ניקיטינס „באָביל". פריי איבערזעצט, צו זינגען מיט דער אייגענער מעלאָדיע.

ביזט זאט, אָדער ניט,
טרייב אוועק די זאָרגען,
מיט א שמייכעל, א וויץ
האלט דיין צער פערבאָרגען.

זאָל דיין צאָרען און מוט
אויסוואָרצלען דעם דלות.
פוץ זיך אויס, גרייט זיך צו,
קעמפף — און דיינס איז אלעם.

קעמפף, אויב ניט — ביז נאָך טוידט
וועסט אין דלות ליגען...
ווער עס קען — דער פערשטעהט,
וואָס עס מיינט דער נגון.

ד. זעלווין.



ה. ד. נאָמבערג.

# אַ וויעגליעד.

ס'לויפען, ס'יאָגען שוואַרצע וואָלקען,
ס'פייפט און ברומט דער ווינד, —
פון סיביריען שיקט דיין טאַטע
דיר אַ גרוס, מיין קינד!

נאָר דער ווינד, ער ברענגט אונז גרוסען
פון דעם קאַלטען לאַנד;
דאָרטען שטעהט ער, אַ לאָפּאַטע
האַלט ער אין דער האַנד,

און ער גראָבט אַלץ טיעפער, טיעפער,
וואַרפט די ערד אַרויס,
ניט געזאָרגט דאָך! פאַר'ן שקר
גראָבט ער קברים אויס.

ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער
פאַלט ער אויפ'ן פעלד!
זאָרג ניט, קינד מיינס, דיך געבאָרען
האָט אַ גרויסער העלד.

און אַ העלד וועסטו אויסוואַקסען,
שלאָף זשע, שלאָף אַצינד;
זאַמעל כחות פאַר דער צוקונפט,
זאַמעל, איינציג קינד!



# די דומהייט.

א מאָנאָלאָג.

אַך, ווי גוט מיר איז צו ליגען
בײַ דעם אַרבײַטסמאַן אין קאָפּ,
ס'איז מײַן בעסטער פֿערגעניגען,
קײן זאַך געהט מיר דאָרט נישט אָב.

עסען, עס איך זײַן געהירען
(ס'איז אַ זעהער זיסע זאַפֿט),
אין דער שטיל — ער זאָל ניט שפּירען —
זויג איך אויס זײַן דענקונגס־קראַפֿט.

איך בין בײַ קײנעם אונטערטעניג,
איך אַלײן האָב דאָרט די מאַכט,
איך רעגיר דאָרט, ווי אַ קעניג,
ווײַל עס איז דאָרט שטענדיג נאַכט...

ווי אַ פֿלעדער־מויז פֿערשפּרײט איך
מײַנע שוואַרצע פֿליגעל דאָרט,
און די פֿינסטערניש פֿערברײט איך,
איך לאָז פֿאַר ליכטיגקײט קײן אָרט.

טאָמער קומט אַ שטראַהל געפֿלויגען
פֿון פֿערשטאַנד און וויל אַרײַן,
ליג איך דאָרטען אויסגעצויגען
און איך שרײַ: „דאָס אָרט איז מײַן”...

קריעגט דער אַרבײַטער אָהאָטע

צום פערשטאַנד (אָ, גאָט בעהיט),
שרײַ איך, ווי אַ פראָש פון בלאָטע:
„הער, מײַן פרײַנד, עס טויג דיר ניט!..."

און ווי דאַנקט מיר טראַהן און גלויבען
פאַר מײַן הילף צו זייער ציעל!
איך, די דומהײַט, העלף זיי רויבען,
טרײַבען זייער טײַוועל־שפּיעל.

איך, די דומהײַט, בין דער קירכעס
בלאַנקער, צוויי־געשאַרפטער שווערד,
נאָר הורך מיר, אָהן מיה, אָהן טרחות
רויבט זי זיך די גאַנצע ערד. —

איך, די דומהײַט, העלף פערפיהרען
אין אַ זומפּף דעם אַרבייטס־מאַן.
איך היים איהם הולדען די וואַמפּירען —
שאַפען אוצרות דעם טיראַן. —

איך בין דאָס דער שוואַרצער שלייער,
וואָס פערשטעלט דעם וועג צום גליק,
איך בין דאָס דער קאָפּ־פערדרעהער,
איך היים די מענשהײַט געהן צוריק...

דאָך... איך ציטער.. אָה, די צײַטען..
עפּעס הוכט מיר... הוכט מיר אָב,
אַז דער אַרבייטער וועט בײַטען
מיר, זײַן שכן פון זײַן קאָפּ. —

דען אין פוסטען שוואַרצען מוח,
וואו איך הערש מיט ווילדער מאַכט,
דרינגט פערשטאַנד אַרײַן מיט כוח,
און מײַן שאָטען־טראָהן צוקראַכט...



## איך וואַרט...

איך וואַרט אויפ'ן ליכטיגען טאָג, וואָס וועט קומען
מיט גאָלדענע שטראַהלען, מיט בלוטהען און בלומען,
מיט פרישערע לופטען, אין וועלכע ס'וועט קלינגען
די פרעהליכע ליעדער, פון פאָלק, וואָס וועט זינגען;
די פרעהליכע ליעדער, וואָס וועט ניט בעגלייטען
קיין זיפצען, קיין קרעכצען אויף ביטערע צייטען...



## אַ ווינטער ליעד.

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינדען.
פריי בעהערשט די וועלט!
ברעכט די צווייגען, וואַרפט די בוימער,
טהוט וואָס אייך געפעלט.

טרייבט די פויגעל פון די וועלדער
און פעריאָגט זיי פאָרט,
די, וואָס קענען ווייט ניט פליהען, —
טוידט זיי אויפ'ן אָרט!

רײַסט די לאָדען פֿון די הײַזלעך,
שײבען ברעכט אַרויס!
ברענט אַ ליכטעל ערגעץ דונקעל, —
לעשט מיט צאָרען אויס!

הוליעט, הוליעט, בײזע װינדען.
יעצט איז אײער צײַט!
לאַנג װעט דויערען דער װינטער,
זומער איז נאָך װײַט!..



# דער שוסטער בײַ דער אַרבייט.

אָה, העמעריל, העמעריל, קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער אַ טשװעק נאָך אַ טשװעק!
קײן ברויט איז אין שטוב שוין ניטאָ,
נאָר צרות און לײד אָהן אײן עק!

אָה, העמעריל, העמעריל, קלאַפּ!
עס שלאָגט שוין דער זײגער באַלד צװעלף —
די אויגען זײ מאַכען זיך צו, —
גיעב כּח, אָ גאָטוניו, העלף!..

אָה, העמעריל, העמעריל, קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער די טשװעקעס, שלאָג גיך,
ביז מאָרגען מוז פֿערטיג שוין זײַן
דער גבירה׳טעס טאָכטערשעס שיך!

אָה, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
ניט גלייטש פון מיין האנד זיך אַרויס!
מיין איינציגער שפּייזער ביזט דו!
פון הונגער אָהן דיר געה איך אויס!..



# אויף א פולע וואך.

ווידער אַרבייט, ווידער שאַפּען,
ווידער דרעהען די מאַשין,
ווידער קנעכטען, ווידער שקלאַפּען,
ווידער אַרבייטען אָהן זין...

וואַרף זיך גיכער, דרעה די רעדער,
די מאַשין איז גוט געאוילט.
אַרבייט! אַרבייט נאָר כּסדר,
נישט געשטאַנען, נישט געפוילט...

האָסט דו נאָך אַ גאַנצען אֵבר?
האָסט דו נאָך אַ טראָפּען בלוט?
אַרבייט! אַרבייט ביז'ן קבר!
נישט געשטאַנען, נישט גערוהט.

קענסט דו נאָך אַ האַנד אויפהייבען!
קענסט נאָך פלאָנטען דיינע פיס?
אַרבייט! אַרבייט איז דיין לעבען —
אַרבייט! אַרבייט מאַכט דאָס לעבען זיס...



## אַ גֶעוויֶנד וַאלְבֶּע אַכְט.

אַ געוויִנד וואַלבּעֶ אַכט,
און בּעֶטעֶן נאָר צוויי, —
און קומט אָן די נאַכט,
וואו שלאָפעֶן דאַן זיי?

דריי מיט'ן טאַטעֶן,
און דריי מיט דעֶר מאַמעֶן —
העֶנדטלעֶך און פיסלעֶך,
געֶפלאָכטעֶן צוזאַמעֶן.

און קומט אָן די נאַכט,
מעֶן דאַרף זיך אויסבּעֶטעֶן,
דאַן הייבּט אָן די מוטעֶר
דעֶם טוידט אויף זיך בּעֶטעֶן.

זי מיינט מיט אַנ'אֶמת, —
עֶס איז נישט קיין וואונדעֶר:
אויף עֶנג איז אין קבר,
דאָך ליעגט מעֶן בּעֶזונדעֶר...



# דער מוליער.

די זון האָט געבראָטען, די זון האָט געברענט,
דער שטויב האָט געגעסען די אויגען;
פון שווייס און פון לעהם איז צוקראָכען זיין העמד,
זיין קאַפּעטעל אויף פיצלעך צופלויגען;
די וואַפּנע זי עסט איהם, דאָך קימערט'ס איהם ניט,
ער שטעהט צום גערישט ווי מיט קייטען געשמידט.
איהם אַרט ניט, וואָס אויבען, וואָס אונטען פּאַסירט,
איהם אַרט ניט — מענשען, וואָס לויפען,
ער לעגט אַלץ די ציגעל, ער גלעט און ער שמירט,
עס וואַקסען די ווענד, ווי אויף הייוועך,
זיי וואַקסען אַלץ העכער און העכער, ביז דאַך. —
דאַן געהט ער אַראָבעט — געענדיגט זיין זאַך.

* *

*

אַוועק איז דער זומער, דער ווינטער ניט ווייט;
די ברייטע, גרויסאַרטיגע שטראַסען, —
זיי שטעהען מיט גאַנצע קוואַרטאַלען בענייט
פון הייזער די הויך פיער עטאַזשען;
דער פראָנט מיט געצירטע באַלקאָנען פערדייט
און שויבען — צוויי קלאַפטער די לענג און די ברייט.
און דאָרט, אין די הייזער פערפּוצט נאָר אַנטיק,
פערברענגען די רייכע אַ לעבען פיל גליק,
אין בעלער, אין טענץ, און עס הילכט די מוזיק,
דאָך קיינער פון זיי האָט אָן יענעם געדאַכט,
וואָס האָט זיי די פּרעכטיגע זאַלען געמאַכט.

* *

*

דער פראָסט האָט געשניטען, דער פראָסט האָט געברענט,
עס ציטערט פון קעלט יעדער אבר;
ביים מוליער אין סקליעפּ — דאָרטען פריהרען די ווענט,
און פינסטער איז דאָרט, ווי אין קבר.
די עופּ'עלעך וויינען און שרייען אום ברויט;
אוי, שווער איז צו טראָגען די ביטערע נויט.
ער לויפט אַ פערשמאַכטער אַרויס אויפ'ן מאַרק;
דאָס האַרץ איז צוקלעמט און פערדראָסען;
ער באָט אָן די רייכע די הענד און דעם קאַרק,
אַבי צו פערדינען אַ גראָשען.
אומזיסט איז דיין לויפען, דיין זוכען אומזיסט —
דעם מוליער אום ווינטער דאַרף קיינער מעהר נישט...



## ענג און פינסטער.

(נאָך ניקיטין).

ענג און פינסטער, ווי אין קבר,
פון די ווענד עס גיעסט;
אין די ווינקלאַך פּאַאוטינע,
אויף די ווינקלאַך מיסט.

טאָג און נאַכט געשפּאַנט אין פּראַצע,
עסען טרוקען ברויט;
קינדער הוילע, הוסטען, וויינען, —
אוי, די שווערע נויט!..

דהקות, פײַן דעם גאַנצען לעבען,
שטאַרבען אָהן אַ צײַט;
אוי, ווי לאַנג וועט איהר עס דולדען,
אָרעמע אַרבײַטס־לײַט!..



# אָבענדס געדאַנקען.

שוין ווידער אַ טאָג אין מײַן לעבען פאָריבער,
שוין ווידער ווערט דונקעל, עס קומט אָן די נאַכט;
איך גיה פון דער אַרבײַט אָהן כחות, פערמאַטערט,
איך שלעף זיך פאַמעליך, פער׳חלומ׳ט, פערטראַכט.

די זון זינקט אין מערב זײַט ביסלעכוױיז נידער,
די שטראַהלען די לעצטע, זיי נעהמען באַלד אָבשייד;
די גאַנצע נאַטור, ווי זי וואָלט געוועזן שלעפעריג,
און אָברוהען לעגט זיך פערמאַטערטערהייד.

עס ציהען זיך שאָטענס, ווי דונקעלע שלייערס —
פערהענגען דעם הימעל, בעהאַלטען דאָס ליכט.
עס בלאָזט מיר אַ קיהלענדער, פרישינקער ווינטעלע
גלײַך אין דאָס ברענעדע, הייסע געזיכט.

איך ליעב דיך, דו קיהלענדער, שטילינקער ווינטעל,
מײַן איינציגע טרייסט אין מײַן לעבען ביזט! —
איך אַרבייט געדולדיג, דעם גאַנצען טאָג, האָפענדיג,
באַלד קומט שוין די שטונדע פון פרײַהייט, פון רוה.

וואָס בין איך זאָ אומעטיג — לאָזט מיך צופריעדען! —
איהר שוואַרצע געדאַנקען, גענוג שוין געפּלאָגט!

אַך, לאָזט מיר איין שטונדע פערגעסען די צרות,
צי האָב איך נאָך ווענינ געיאָמערט געקלאָגט!



## מיין ניט...

מיין ניט, די וועלט איז אַ קרעטשמע — בעשאַפען
מאַכען אַ וועג מיט פויסטען און נעגעל
צום שענק-פּאַס, און פרעסען, און זויפען, ווען אַנדערע
קוקען פון ווייטען מיט גלעזערנע אויגען,
פערהלש'ט, און שלינגען דאָס שפּייעכץ און ציהען
צוזאַמען דעם מאָגען, וואָס ווארפט זיך אין קרעמפּפען! —
אָה, מיין ניט, די וועלט איז אַ קרעטשמע!

מיין ניט, די וועלט איז אַ בערזע — בעשאַפען
דער שטאַרקער זאָל האַנדלען מיט מידע און שוואַכע,
זאָל קויפען ביי אָרעמע מיידלעך די בושה,
ביי פרויען די מילך פון די בריסטען, ביי מענער
דעם מאַרך פון די ביינער, ביי קינדער דעם שמייכעל,
דעם זעלטענעם גאַסט אויפ'ן וואַקסענעם פנים — —
אָה, מיין ניט, די וועלט איז אַ בערזע!

מיין ניט, די וועלט איז אַ הפקר — בעשאַפען
פאַר וועלף און פאַר פוקסען, פאַר רויב און פאַר שווינדעל;
דער הימעל — אַ פאַרהאַנג, אַז גאָט זאָל ניט זעהען;
דער נעבעל — מען זאָל אויף די הענד דיר ניט קוקען;
דער ווינד — צו פערשטיקען די ווילדע געשרייען;
די ערד איז צום זאַפען דאָס בלוט פון קרבנות —
אָה, מיין ניט, די וועלט איז אַ הפקר!

די וועלט איז קיין קרעטשמע, קיין בערזע, קיין הפקר!
געמאַסטען ווערט אַלעס, געוואויגען ווערט אַלעס!
קיין טרעהר און קיין בלוטיגער טראָפּען פערגעהען,
אומזיסט ווערט קיין פונק אין קיין אויג ניט פערלאָשען!
פון טרערען ווערט טייכען, פון טייכען ווערט ימים,
פון ימים — אַ מבול, פון פונקען — אַ דונער —
אָה, מיין ניט, לית דין ולית דין!



## צו די דעמאָנסטראַנטען.

אָה, ציה זיך! ציה זיך, אַרבייטס-פאָלק,
אָה, ציה זיך ווייט און לאַנג,
וועק אויף אין גאַס די טויבע לייט,
מיט ליעדער און געזאַנג.
געה דורך די גאַס, געה דורך דעם מאַרק,
בעוויי, ווי גרויס דו ביזט און שטאַרק!

אָה, ציה זיך, ציה זיך, אַרבייטס-פאָלק,
און זינג, און קלינג און רוף!
פון טויזענד שוואַכע, קראַנקע לייט
ווערט איין געזונטער גוף,
אַ גוף, וואָס קעמפפט מיט שטאָלץ און מוטה,
און ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט!

אָה, ציה זיך, ציה זיך, אַרבייטס-פאָלק,
דיין „אַרבייטס-ליעד" הייב אָן
מיט העלדען-מוטה, מיט ריעזען-קראַפט

זאָל קלינגען יעדער טאָן.
ערמונטער יעדען שוואַכען פריינד —
זיך שרעקען זאָל דער שטאַרקער פיינד!..



## מיר ברעכען.

די אויגען פול צאָרען, פערגאָסען מיט בלוט,
די הערצער זיי שלאָגען מיט קראַפט און מיט מוטה —
מיר שטעהען ביי אַ הויכער, געמויערטער וואַנד
מיט האַמערס און אייזענס און לאָמען אין האַנד —
מיר ברעכען, מיר ברעכען!

די וואַנד איז געמויערט גאָר פעסט און גאָר דיק,
פערצאַמט אונז די וועגען צום לעבען, צום גליק,
פערשטעלט אונז די ליכטיגע שיין, און זי מאַכט
פון פרעהליכסטען טאָג אונז אַ טרויריגע נאַכט —
מיר ברעכען, מיר ברעכען!

און פאַלט פון דער שטיינערנער וואַנד ווען אַראָב
אַ שטיין, צי אַ ציגעל — טרעפט ווען אין קאָפ —
די איבעריגע בלייבען דאָך שטעהן גאָר אָהן שרעק —
און אַרבייטען ווייטער, מען לויפט ניט אַוועק —
מיר ברעכען, מיר ברעכען!

די אַרבייט דאַרף דויערען, די אַרבייט איז שווער!
פערזאַמעלט זיך, ברידער, קומט אַלע אַהער!
זאָל יעדער צולעגען פעסט זיין האַנד —
מיר וועלען די הויך־געמויערטע וואַנד —
צו ברעכען, צו ברעכען!



# דער פרייהייטס־גלאק.

אָ, וואָס קלינגט איהר, קירכען־גלאָקען!
הערט שוין אויף! גענוג געשראָקען
האָבען אייערע ווילדע טענער
אונזער אָרעמע וועלט!
אייערע טענער, דאכט זיך, רופען
צו פערברענען מענשען־גופ׳ן
אויף די הויכע עשאפאָטען,
וואָס איהר האָט געשטעלט!

איי׳רע טענער רופען הענקער
צו מערטירען יעדען דענקער,
יענעם קאָפּ אראָבצוהאקען,
וועלכער בייגט זיך ניט!
אי, איהר ווילט די וועלט פערוויגען
מיט א טרויער־טויטען נגון
און פערדעקען מיט א מאנטעל
פון א יעזואיט!

כ׳האָב א נייעם גלאָק בעשאפען
צו ערוואכען טויטע, שקלאפען,
ניט אין קירכען, — אין דער לופטען
הענג איך איהם ארויף,
ניט צו שרעקען, נאָר צו וועקען
גאָר די וועלט אין אלע עקען
קלינגט ער מוטהיג, רופט ער פרעהליך:
„שטעהט צו לעבען אויף!״...



# אינהאלט:

## מ. ווינטשעווסקי.



## ד. עדעלשטאדט.

## א. ליעסין, מ. ראזענפעלד, ש. ראפפאפארט און אנדערע.



